Drimer, Henry.
Der Haman shebe-Haman's: mit zayne adyutantn, oder, Di treyfene libe fun Shurakh fun Baldakh : a Purim-shpil ...
Nyu-York, c1944.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1875.13

**Drimer, Henry, 1883-1957.**
Der Haman shebe-Haman's: mit zayne adyutantn, oder, Di treyfene libe fun Shurakh fun Baldakh : a Purim-shpil ...
Nyu-York: Farlag "Amerike", c1944.
158 p. ; 21 cm.

1. Purim--Drama. 2. Yiddish drama.--lcsh
I. United States-New York-New York

ID: NXYH02-B1005 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106099

Reduction ratio X 10.0



# דער המן שב׳המנ׳ס

## מיט זיינע אַדיוטאַנטן

אָדער

## די טרייפענע ליבע פון שוראַך פון באַלדאַך

א פורים-שפיל פון פארצייטן, ווען די בני-ישראל זיינען געווען
אין אן עת צרה, און ווי דער בורא-עולם האט באפרייט
זיין פאלק ישראל אין דער רעכטער צייט און האט
געשיקט א מפלה אויף דעם שונא-ישראל מיט
זיין גאנצער חברותא, אזא סוף זאל
קומען אויף אלע שונאי ישראל
כן יהי רצון אמן ואמן

פארפאסט מיט געזאנגען און טענץ
פון
הקטן ר׳ הערשעלע

צוגעפאסט לויטן היינטיקן שטייגער
פון

## ה. דרימער

---

פארלאג „אמעריקע״, ניו-יארק



# דער המן שב׳המנ׳ס

## מיט זיינע אַדיוטאַנטן

אָדער

## די טרייפענע ליבע פון שוראַך פון באַלדאַך

א פורים-שפיל פון פארצייטן, ווען די בני-ישראל זיינען געווען
אין אַן עת צרה, און ווי דער בורא-עולם האָט באפרייט
זיין פאָלק ישראל אין דער רעכטער צייט און האָט
געשיקט אַ מפלה אויף דעם שונא-ישראל מיט
זיין גאַנצער חברותא, אַזאַ סוף זאָל
קומען אויף אַלע שונאי ישראל
כן יהי רצון אָמן ואָמן

פאָרפאַסט מיט געזאַנגען און טענץ
פון
הקטן ר׳ הערשעלע

צוגעפאַסט לויטן היינטיקן שטייגער
פון


## ה. דרימער


---


פאַרלאַג „אַמעריקע", ניו-יאָרק

דאָס טיטלבלאַט איז געצייכנט פון דעם קינסטלער
**צבי (הערבערט) קרוקמאַן**

מעלאָדיעס פאַר די לידער זיינען פאַראַן ביים פאַרפאַסער.

Printed in U. S. A.

POSY-SHOULSON PRESS
New York, N. Y.
255

# הקדמה

**קיין טריאַטער וועט ניט שפּילן,**
**זינגען וועט קיין באַלאַגאַן.**
**ניט געשפּילט און ניט געזונגען —**

# ערשטער אַקט

דער אינעווייניקסטער פֿאָרהאַנג איז די **רעפּראָדוקציע פֿון** טיטול בלאַט. ווען דער פֿאָרהאַנג הייבט זיך אויף הערט מען פֿון דער פֿינצטער אַרויס דאָס קול פֿון **אַ מגילה לייענער:** „ויהי בימי אחשורוש". ער לייענט מיטן ניגון דעם ערשטן פּסוק און ברומט צו ביז צום פּלאַץ וואו המנ׳ס נאָמען ווערט דערמאָנט. עס הערט זיך גראַגערן און קלאַפּן. דאָס שטאַרבט אָפּ פּאַוואָליע און עס ווערט לאַנגזאַם ליכטיק. דעמאָלט דערזעט מען די פֿור פֿון די **פֿאַרשטעלערס** אויף וועלכער עס זיצן דער **באַלעגאָלע** און אַ טייל פֿון די **פֿאַרשטעלער.**

(פֿון דער ווייטנס הערט זיך דאָס קול פֿון יינגל)

**דאָס קול**

אַ־האָ! אַ־האָ! וואוהין פֿאָרן דאָס ייִדן?

(די פֿאַרשטעלערס הערן זיך איין)

**אַ פֿאַרשטעלער**

**דאָס קול איז ייִדיש, אָבער די ווערטער זיינען פֿרעמד.**

**באַלעגאָלע**

**וואַרטן אפשר גאָר אויף אים?**

**אַלע**

**ווער׳ט דאָס וואַרטן — ווען מען אַרט עס —**

**חלפּתא**

**וואַרט אַ ווײַלע, קיינער טרייבט ניט, פֿאַרט אַ ייִד.**

**באַלעגאָלע**

**בין איך אויך צופֿרידן.**

**פֿאַרשטעלער**

**אַן עסק מיר וואַרטן, פֿאַר אַ ליאַדע יינגל זיך אָפּהאַלטן אין וועג און דאַרטן וואַרט מען ערשט. בנאמנות, איך פֿאַרשטיי איך ניט.** (קוקט

אין דער ווייטנס) אַ ייִנגל איז עס און אַ מיידל, ער אין אַ היטל, און זי —

**באַלעגאָלע**

אַ דאגה דיר, אַ כלה אַוודאי גייט שפּאַצירן מיטן חתן.

**פאַרשטעלער**

אַלץ ביי דיר אַ כלה. אַ כלה גייט אַוועק דאָ אַט אַזוי ?

**אַלע**

ביי אים אַלץ אַ כלה.

**איינער**

(צעזינגט זיך)

כלהניו, כלהניו, וויין ; אוי וויין

ווייל דו גייסט צו דער חופּה אַליין, אַליין,

ווייל דיין טאַטע מאַמע

אין דער רעכטער צייט סאַמע

לאָזן דיך אַליין אַוועקגיין.

**פאַרשטעלערס**

(לאַכן האַרציק) האָט ער שוין אַ ניי לידל. אַלע מאַנטיק און דאָנערשטיק ווערט ביי אים אַ ניי לידל.

**דער זינגער**

(זייער וואָזשנע) נישט דאָנערשטיק, נאָר נישט דאָנערשטיק עס איז אַ שלעכטער טאָג איז דאָנערשטיק.

**אַן אַנדערער**

אַט איז פאַראַן אַ שטייגער גרין דאָנערשטיק.

**דער זינגער**

אַט טאַקע דערפאַר, טאַקע דערפאַר, לאָמיר בעסער זינגען אַלע אינ־איינעם דעם נייעם זמר. הייבט אָן. (זיי נעמען זיך זינגען)

**דאָס קול**

(פון ווייטן, אָבער שוין נעענטער) אָ־האָ, אָ־האָ ! וואוהין פאָרן ייִדן ?

**פאַרשטעלערס**

נעם טרייבן.

**באַלעגאָלע**

(אין כעס).

ווי קענט איר פון אַ ייִדן ביז אַ ייִדן קלייבן,



קיין שופט זיין זאָל זיך קיינער ניט דערוועגן !

ווייל צום שורש צוריק פירן אַלע וועגן.

**חלפתא**

(זיפצט אָפּ)

אוי ! —פירן אַלע וועגן, גלייכע, קרומע —

ווער קען דאָס שאַצן אַ ייִדישע נשמה.

(עס ווערט אַ טומל, אַלע ריידן)

**אַלע**

מיר ווילן ניט, — שיקט זיי אַוועק — הייסט זיי גיין צו אַנדערע —

**באַלעגאָלע**

שאַ — זאָל זיין שאַ ! — (וואַרטן)

עס קומען אַריין דאָס ייִנגל און דאָס מיידל, ער איז זעכצן און זי איז פופצן יאָר אַלט, ער איז שלאַנק און בלאָנד, זי איז קורץ — לייביק און טונקל. ביידע זיינען אָנגעטאָן ווי טיראָלער באַרג־קלעטערערס.

**דאָס ייִנגל**

(מיט פרייד) אוי, טאַקע ייִדן, ווי איך לעב, פאָרט איר ווייט ?

**באַלעגאָלע**

אַט, ניט ווייט, יונגערמאַן, מיר פאָרן נאָר קיין זאַלעסעווקע, אויף יענער זייט וואַלד, פאַרשטעלערס זיינען מיר, ייִדישע בחורים, וואָס מאַכן לצנות. איר פאַרשטייט דאָך —

**ייִנגל**

(אין פאַרלעגנהייט) ניט געגנוי — אָבער אייערע ווערטער זינגען זיך ווייך און גוט.

**באַלעגאָלע**

ייִדישע ווערטער, ביי אונדז ריידן אַלע דעם לשון.

**ייִנגל**

זיינען פאַראַן ייִדן אין זאַלעסעווקע ?

**פאַרשטעלערס**

(שיסן אַרויס אַ געלעכטער)

**באַלעגאָלע**

וואָס לאַכט איר, נאַראָנים, אַז אַ בחור ווייס ניט. איר זעט דאָך אַז ער איז אַ פרעמדער.

**חלפתא**

נו, מען דאַרף זיך צונויפרוקן. רוקט זיך חברה, מאַכט פּלאַץ.

**באַלעגאַלע**

וואַרט — איר זייט דאָך בײדע — ווי זאָגט מען דאָס — ביידע יידישע קינדער?

**דאָס מיידל**

(פלאַצט אַרויס) און אויב ניט, טאָ איז וואָס? די אַנדערע זיינען ניט אַזוינע פיינע מענטשן ווי איר?

**באַלעגאַלע**

(שטימט צו) פיינע מענטשן, אַלע יידן.

**פאַרשטעלערס**

נו, וואָס האָבן מיר דיר געזאָגט, זעסט, זעסט —

**באַלעגאַלע**

זאָל זיין אַזוי —

**מיידל**

איר האָט געבויט אַרום זיך אַ וואַנט —

**באַלעגאַלע**

(שטימט צו) אַ וואַנט —

**ייִנגל**

(בעט זיך ביי איר) שווייג, שווייג, מיר זיינען דאָך אין וועג — און פרעמדע דאָ.

**מיידל**

(היסטעריש) איך וויל ניט שווייגן! — איר שליסט זיך אָפּ אוןווילט קיינעם ניט אַריינלאָזן —

**באַלעגאַלע**

ניט אַרויסלאָזן, מיין קינד.

**מיידל**

צעברעכט אייער תפיסה, ווערט פריי! זאָלן די פרייע ווינטן פון דער וועלט אויסרייניקן די פאַרשטיקטע לופט.

**באַלעגאַלע**

אַ מחיה אונדזער לופט.

**מיידל**

וואָס פאַרפעסטעט די מוחות!

**ייִנגל**

(בעט זיך) מאַכט זיך ניט פון איר, זי מיינט עס גאָר ניט.



**מיידל**

איך מיין עס, איך מיין עס! עס איז מיין טיפסטע איבערצייגונג.

**באַלעגאַלע**

נו, מילא. איך פאַרשטיי סיי ווי ניט וואָס איר זאָגט. דערווייל כאַפּט זיך אַרויף ביידע. אַ חתן מיט אַ כלה?

**ייִנגל**

נאָר אַ ברודער מיט אַ שוועסטער.

**באַלעגאַלע**

אויב אַזוי, איז עס דאָך גאָר יידישלעך.

**פאַרשטעלערס**

אויב אַזוי — רוקט זיך בחורים — רוקט זיך — רוקט זיך — מאַך פּלאַץ. (עס ווערט אַ גערוקעריי אויף דעם וואָגן)

**חלפתא**

און וואו וועט מען זעצן דעם קליינעם ממזרל?

**באַלעגאַלע**

אוי־ווי, טאַקע זע ווי מען האָט פאַרגעסן. (עס הערט זיך דאָס זשומען פון אַן עראָפּלאַן).

**אַלע**

(פאָכן מיט די הענט) קום אַרונטער — קום! אָט דאָ זיינען מיר! קום — קום! ער קומט — אָט קומט ער — ער לאָזט זיך אַרונטער.

(פון אויבן לאָזט זיך אַרונטער דער קליינער עלטסטערל, מיט אַן אויפגעמאַכט פּאַראַשוטל אין האַנט. ער איז אָנגעטאָן אין אַפּיצערסקע קליידער, אַן אַ היטל, און ער בלייבט שטיין אין אַ פּאָזע ווי נאַפּאָלעאָן מיט אַ פּאַראַסאָל. אַלע צעלאַכן זיך, קלאַפּן אים אין פּלייצע און זיינען גאָר פריינטלעך).

אָט ביסטו דאָך, דו קליינער ממזר — הער אַ געדאַנק!

**דער עלטסטערל**

(מאַכט עטלעכע מיליטערישע שריט און טאַנצט עטלעכע עקיגע פיגורן)

חברים און פריינט

איך האָב פאַרשפּעטיקט זיך היינט,

געבליבן פאַר אַ ווײלע, האָט די צייט זיך פאַרצויגן,

האָב איך ניט געזשאַלעוועט און געקומען געפלויגן.

איינס! צוויי! דריי!
לאָמיר פאָרן אויפ׳ס ניי,
צי אום צי גראָד,
לאָמיר פאָרן צו א שטאָט
איך האָב ניט מער צו זאָגן,
לאָמיר אַרויף אויפן וואָגן.

**אַלע**

(לאַכן און האָבן גרויס הנאה פון אים)

**באַלעגאָלע**

חברה, חברה, מיר ווילן ניט פאָרן אין דער נאַכט אַריין.

**אַלע**

אויפן וואָגן, אויפן וואָגן (זיי זעצן זיך אויס)

**באַלעגאָלע**

נו, און איר קינדער?

**מיידל**

איך גיי אַן אַנדערן וועג.

**ייִנגל**

קום, וואו וועסטו גיין, אַז דו ביסט פרעמד.

**באַלעגאָלע**

אַן עקשן?

**מיידל**

יאָ, אַן עקשן.

**ייִנגל**

אויב אַזוי, וועל איך מוזן גיין מיט איר.

**באַלעגאָלע**

נו פאָרט מען, וויאָ!

**פאָרשטעלערס**

האָסט געהערט, ממזרל, מיר האָבן שוין אַ נייַ זמרל.

**עלטסטערל**

אדרבא, אדרבא!

**אַלע**

(בשעת דער וואָגן נעמט זיך רירן, זינגען)
כלהניו, כלהניו, וויין! אוי וויין,
ווייל דו גייסט צו דער חופה אַליין, אַליין



ווייל דיין טאַטע מאַמע
האָבן אין דער רעכטער צייט סאַמע
געלאָזט דיך אַליין אַוועקגיין
(עס ווערט פינצטער)

(אין דער פינצטער הערט זיך דאָס קלאַפּן פון אַ האַמער אויף אַ ברעטל, ווי דער האַמער, וואָס קלאַפּט אין פאַרמאַכטע לאָדן ביים רופן יידן אין שול אַריין. עס הערט זיך דאָס קול פון באַלעגאָלע, וואָס איז שוין איצט ר׳ מרדכי וויינשטיין. עס ווערט ליכטיק).

**דאָס קול**

האַי — ראַי! יידן, יידן, די פאָרשטעלערס גייען.

(אַלע פאָרשטעלערס קומען אַריין און שטעלן זיך אויס אין האַלבן צירקל).

**פאָרשטעלערס**

(זינגען)
מיר זיינען די פאָרשטעלערס
וואָס האָבן זיך פאָרשטעלט
צו דערציילן איך אַ מעשה
פון דער גאָרער וועלט.
צו דערציילן איך אַ מעשה
פון דער גאָרער וועלט.

פון אַ לאַנד אַ וויטן,
וואָס עס קען געשען
אין אַלטע אַלטע צייטן,
שוין לאַנג איז דאָס געווען
אין אַלטע אַלטע צייטן,
שוין לאַנג איז דאָס געווען.

וואו אַ צווייטער המן
האָט אַמאָל געשאָלט
אויסגעמעקט זיין נאָמען
ווייל ער האָט דאָרט געוואָלט.
אויסגעמעקט זיין נאָמען
ווייל ער האָט דאָרט געוואָלט.

געוואַלט האָט ער פאַרטילגן
די יידן, קינד און קייט,
אָבער ער איז געשטאָרבן
(שאָקלען מיט די קעפּ אויף ניין, ווי איינער וואָס מאַכט אַ טעות)
געפייגערט געהאַנגענערהייט.

געהאַנגענערהייט,
געהאַנגענערהייט,
הוראַ! הוראַ!
געהאַנגענערהייט!

(זיי פאַרניגן זיך און צעגייען זיך אויף ביידע זייטן פון דער בינע).

(אַ צימער אין הויז ביי ר' מרדכי ווײַנשטיין, אין דער פינצטערניש פון דער בינע זען די ליכט אויף דעם טיש אויס געשפּענסטערהאַפט. די פנימער פון די יידן וואָס זיצן אַרום טיש דינען שאַרף געשניטענע ליכט און שאָטנס.)

**אַ ייד**

חלפתא! חלפתא! וואו זאַמסטו זיך?

**אַן אַנדערער**

געלעמטער שליח, וואו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן.

**אַ דריטער**

בלייענער פויגל, קום שוין צו פליען.

**חלפתא**

(פון אונטן) אָט קום איך, וואַרט אַ מינוט!
(קומט אַרויף פון קעלער מיט אַ קרוג ווײַן אויפן קאָפּ)
זע נאָר ס'גייעג, וואָס האָט איר קיין צייט נישט!
(מען וויל ביי אים צונעמען דעם קרוג) און וואָס בין איך, — אַליין וויל איך אָנגיסן.

**אַ ייד**

האָסטו געזען אַ שוטה.

**חלפתא**

(מיטן קרוג אויפן קאָפּ דרייט זיך און זינגט)
יידן און יידענעס אַלע מחותנים —



**די יידן**

שוטה איינער, וואָס האָלטסטו דעם ווײַן, מען קען דאָך חלילה פון דאָרשט אויסגיין, שוטה!
(מען נעמט זיך מיט אים רייסן) שוטה! האָסט געזען אַזאַ נאַר!

**חלפתא**

טראַילי, לאַי, לי, לי; לי לאַי לי, לאַי לילי, לאַלי — וואָס אַרט מיך וואָס אַרט מיך וואָס איר זאָגט. ווען איך זע אַז דער באַלעבאָס שמייכלט.

**ר' מרדכי**

נו, זאָל שוין זיין גענוג. גיס אָן די גלעזלעך

**חלפתא**

ווען דער באַלעבאָס רעדט, ווערט חלפתא אויס באַלעבאָס.

**ר' מרדכי**

נו, זאָל מען טרינקען, לחיים, יידן!

**יידן**

טרינקט, טרינקט ר' מרדכי, ווינטש אונדז און אַלע יידן.

**ר' מרדכי**

(נעמט דאָס גלאָז אין האַנט. מיט אַניגן ווי אַ מגיד)
חיים, חיים זאָל גאָט געבן,
אַלע יידן אַ נייעם לעבן.
אַלע יידן איבער לענדער,
איבער בערג און איבער ימים,
(טראַכט אַ ביסל)
יידן וואַנדערער אויף וועגן,
יידן פאָרן אַהיים פון מסחר
שלעפּן זיך אויף פערד און וואָגן —
יידן זוכן נייע לענדער,
איבער וויסטעניש זיך איילן,
שווימען אום אויף טייכן שיפן
חיים, חיים נייעם לעבן —
יידן ליגן קראַנק אין בעטן
האַלטן אפשר שוין גאָר ווייטלעך
חיים, חיים, נייעם לעבן —
זאָל דער אויבערשטער זיי געבן.

**יידן**

אמן, אמן — לחיים, לחיים (טרינקען).

**ר׳ מרדכי**

(טרינקט אויך, זאגט ווייטער)
עס זיינען נאך פאראן
יידן, וואס דארפן האבן א נייעם לעבן.
זאל עס קיינעם ניט קיין גנאי זיין,
יידן האלטן אין איין בייטן יידישקייט
ווי אן אלטן בגד.
עס איז שוין ניט דער לעבעדיקער קוואל,
דער ברייטער שטילער טייך
מיט שטארק, פארוואַרצלטעביימער ביי די ברעגעס
מען בייט די יידישקייט מען טראכט אויס נייע,
יידישקייט אין הויז, יידישקייט אין גאס —
יידישקייט, וואס שטייט ערגעץ אין א ווינקל
ווייט פון סדר יום, —
און טעג און נעכט גייען איינער נאך דעם צווייטן
פון גארניט און פארגעסנקייט,
ביז א בייזער ווינט פארשלעפט אין מדבר,

**חלפתא**

אוי ווי גוט עס איז צו זיין א ייד.

**יידן**

שא, שטיל! הערסט א שוטה —

**ר׳ מרדכי**

(מיט כעס) היינט יענע קראנקע
וואס יידישקייט איז נאר א צרה.
כדי צו פארגעסן פוצט מען זיך נאר
אין פרעמדע פעדערן און מען שפרייזט ארום

**חלפתא**

אי, ווי גוט עס איז צו זיין א ייד!

**ר׳ מרדכי**

דו רעדסט, דו נאר איינער.

**יידן**

אזא חוצפה! קעגן באלעבאס אליין.



**ר׳ מרדכי**

היינט די יידן, וואס נעמען א האלבן עבר,
וואס יידן האבן אויסגעבלוטיקט
און ווישן אפ, ווי ניט געווען גאר —
הייבן אן פון דעם אמאל גאר
ווי א האלבער עבר וואלט געווען א מעשה אן אויסגעטראכטע.
חיים, חיים.
(ר׳ מרדכי זעצט זיך אוועק)

**חלפתא**

גייען יידן אויף וועגן גלייכע, וועגן קרומע,
ווער קען שאצן א יידישע נשמה.

**יידן**

א נייער בעל תורה, חלפתא!

**אנדערע**

זאל דער חתן עפעס זאגן — חתן! חתן!

**ר׳ מרדכי**

אויב יידן פאדערן, מוז מען פאלגן, נאר
ווארט, ווארט יידן, אויב דער חתן וויל עפעס זאגן
דארף מען אריינרופן די כלה.
נו, חלפתא, דו שטייסט נאך. לויף און ברייננ!

**חלפתא**

איך לויף און גיי און קום באלד צוריק,
און ברייננ צופירן די כלה מיט גליק! (גייט ארויס)
(קומט באלד צוריק מיט אסתרן און אירע באגלייטערינס.
צווישן די געפינען זיך, עלטערע בכבודע פרויען און יונגע מיידלעך)
הוי ראי! די כלה גייט
פון נשים צנועות איז זי באגלייט!

**אסתר**

איר האט מיך געלאזט רופן, פעטער?

**ר׳ מרדכי**

דיין חתן וויל זאגן תורה. האב איך גערעכנט
אז עס איז ניט מער ווי רעכט זאלסט אויך הערן.

**אסתר**

א דאנק אייך פעטער.

**ר׳ מרדכי**

קום טאָכטער, זעץ זיך לעבן מיר. (זי זעצט זיך, די
פרויען שטייען און זיצן אין הינטערגרונט).

**מאַזעס**

ייִדישקייט — — — — — — — ייִדישקייט —
די ייִדישקייט, מיט וואָס מיר לעבן פון טאָג צו טאָג —
ניט די אויסגעטראַכטע, פעסט פאַרמירטע,
ניט די ייִדישקייט וואָס איז פרינציפּ,
געדאַנק נאָר אויסגעטראַכט לויט לאָגישע מנהגים,
אפילו דינים, געבויט אויף אַ פּרעמיז —
נאָר די ייִדישקייט וואָס ווערט געבוירן
טאָג נאָך טאָג, אין נויט און פּיין,
אָט די ייִדישקייט לעבט.
זי לעבט אין אונדז און מיר אין איר,
אָט ווי שוואַכע מענטשן קענען לעבן
וואָס לעבן צווישן וועלן און — דער שאַרפער נויט;
אָט די ייִדישקייט, וואו פון נעכטן וואַקסט דער היינט
און נאָר פון היינט קען קומען אונדז דער מאָרגן —
די ייִדישקייט איז ניט פעסטע פאָרם, געזעץ,
די ייִדישקייט איז תמצית נאָר און תוך,
איז אינהאַלט נאָר, אָן אינהאַלט,
וואָס גיסט זיך פריי אַריין אין פאָרם
ווי דער ווייַן וואָס פילט אויס אינגאַנצן דאָס געפעס.
קומען דורות, קומען לענדער;
גייען דורות און בייטן זיך די לענדער,
יעדער דור געפינט אין יעדן לאַנד אַ פאָרם אַ גרייטע.
ווייל מענטשן זיינען מיר דאָך, שוואַך, ווי אַלע,
פאָרם איז דאָך רייד און קלאַנג,
און קלאַנג אַליין נאָר רעדט צום מענטשן,
קלאַנג און פאָרם.
מוזן מיר ריידן און טראַכטן כסדר אין נייע פאָרמען.
ווערט צוביסלעך ליב די פאָרם די נייע
עס ווילט זיך רוען און היימיש ווערן,
ווערן געקלאַנג אין פאָרם אַלט און טייער.



און נייע פאָרם איז דאָך נייע פּיין.
ווילט זיך רוען און פאַרגעסן,
אין פאָרמען ווי געווען.
קומען דורות, קומען לענדער
גייען דורות און בייטן זיך די לענדער,
ווײַנט מען און מען קלאָגט און פּרעדיקט שוואַרץ נביאות,
ס׳טייטש, די ייִדישקייט גייט אונטער.
בטחון אין דעם סדר עולם מוז מען האָבן.
סדר יום איז סדר יומים,
די לאָגיקע פון טאָג איז אויך די לאָגיקע פון יאָרן,
עס קומט אַ טאָג ניט גלאַט צורייטן פון דער צוקונפט.
אין טראַכט פון טאָג ליגט באַהאַלטן שוין
די גאַנצע אייביקייט.
אַ ייִד מוז האָבן נאָר בטחון.
אויך דער שונא קען דאָס וואַקסן טעג פון טעג
ניט איבערברעכן. מען מוז גלייבן
אין זיך אַליין אין תוך וואָס לעבט אין זיך,
ווי אַ לעבעדיקער קוואַל, וואָס קיינמאָל,
קיינמאָל וועט ער ניט פאַרזיגן

**חלפתא**

אמן — ואמן; וכן יהי רצון, אמן סלה.

**ר׳ מרדכי**

וואָס הערט זיך מיט דעם שונא פון אַרום?

**מאַזעס**

ער האָט אויך אַ סדר יום און קען ניט גלאַט פאַרגעסן
און שנאה קען נאָר האָבן פיינט, און קען ניט ווײַ טאָן.
מיר זיינען מאות שנים געזעסן זייט ביי זייט,
אינאיינעם פון אַ ווילדן וואַלד אַ פרוכטבאַר פעלד געמאַכט,
אויף אונדזערע פּלייצעס האָבן זייערע אבות,
פון וואַלד מענטש זייער שטאַם אַרויסגעשיילט
מען קען ניט גיין צוריק.

**חלפתא**

הלוואי וואָלט עס אמת געווען.

**מאַזעס**

וועד האָט עס געזאָגט?

**חלפתא**

איך, חלפתא, דער נאַרישער חלפתא.

**ר' מרדכי**

שווייג, דו בחור, עס האָט גערעדט אַ תלמיד חכם.

(צווישן די ווייבער ווערט אַ באַוועגונג פון פרייד)

**חלפתא**

איך וועל ניט שווייגן, וועל איך ניט,
איך וועל שרייען בקול רם: (שרייט)
עס וואַקסט איף אונדז אַ שונא!
איך זע אים אין גאַס יעדן טאָג, יעדע שעה.
ייִדן, שלאָפט ניט. עס גייט אַ שונא!

**ייִדן**

(באַפאַלן אים) דו עזותניק! דו חוצפהניק! דו רעדטסט
דאָס אַנטקעגן אַן עלטערן פאַר דיר. וואָס ווילסטו! ווילסט
אַ ייִדישע שמחה פאַרשטערן?

**חלפתא**

(כאַפּט זיך) אוי ווי איז מיר! רבונו של עולם!
חלילה! חלילה! אַ שמחה ביי ייִדן!
מען דאַרף גאָר זינגען. מען דאַרף זינגען און טאַנצן!
(זינגט און טאַנצט. מיט דער צייט לאָזן זיך ייִדן אַרויס פון די ערע
פלעצער און פאַרמירן אַ קרייז טאַנצנדיק).
(זינגט)

1

ייִדן און אויך ייִדענעס, אַלע מחותנים
נעמט אַן אַ האַנט אַן אַ האַנט.
היימישע און אורחים, רייכע און קבצנים,
קומט אַלע אַריין אין ראַנד —

אַ האַנט אויף אַ פּלייצע,
אַ ייִד גיט זיך אַן עצה
מיט שמחה דינט מען גאָט אַזוי.



אַ פוס פאַר אַ פיסל,
ר' געצעל און ר' זיסעל
דאַנקען גאָט אָבי מען איז ניט קיין גוי!

2

פרעסן און זויפן
אָט דאָס איז זייער מידה
צו טויטע געטשקעס דאַווענען זיי,
זיי לעבן אַן חשבון און
שטאַרבן אָן ווידוי
זייער גאָט איז מעשי ידי.
גאָט איז איינער
אַ חוץ אים איז דאָך קיינער
ר'איז אַ גרויסער און לעבעדיקער גאָט.
אַ פוס פאַר אַ פיסל,
ר' געצל און ר' זיסל
דרייט זיך אין קאַראַהאָד.

3

פינגער האָבן זיי מעשענע
און קענען מיט זיי ניט רירן
אַ געליימטן גאָט האָבן זיי;
פיס האָבן זיי בלייענע
וואָס קענען זיי ניט פירן
זייער גאָט איז מעשי ידי, אָבער
גאָט איז איינער
א' אַ. וו.

4

ליפּן האָבן זיי ליימענע
און קענען מיט זיי ניט רירן,
אַ שטומען גאָט האָבן זיי,
אויגן צוויי נאָר בלינדע
פינצטערניש אין בײדן

זייער גאָט איז מעשי ידי
גאָט איז איינער
א. אָ. וו.

5

אויערן האָט אויך זייער גאָט
און קען מיט זיי ניט הערן,
אַ טויבן גאָט האָבן זיי
אַ נאָז אַ לאַנגן האָט ער אויך
און קען מיט אים ניט שפּירן
ווייל זייער גאָט איז מעשי ידי
גאָט איז איינער
א. אָ. וו.

(בשעת דעם זינגען פון דעם לעצטן סטראָף קלאַפּט עמיץ אין דער דרויסנדיקער טיר)

**אסתר**

עמיץ קלאַפּט! הערט אויף!

**ר' מרדכי**

מען דאַרף אויסגעפינען ווער איז עס. (מען הערט זיך איין)

**דאָס קול**

יידן, עפנט אויף!

**חלפתא**

(מיט פרייד) עס איז אַ יידיש קול, לאָזט מיך!

**מאָזעס**

עס איז אַ פרעמדער לשון.

**חלפתא**

(זייער אומגעדולדיק) עס איז אַ ייד, זאָג איך אייך!
(אומגעדולדיק) אַ ייד, אַ ייד, אוי וויי איז מיר! אוי וויי איז מיר

**ר' מרדכי**

(מיט כעס) הער אויף זיך יאַכמערן, שוטה איינער, מען וועט שוין עפענען אויב אַ ייד. (דאָס קלאַפּן האָט אויפגעהערט)

**חלפתא**

(כמעט פאַרצווייפלט) אָט קלאַפּט מען שוין ניט, ווי איז מיר. מען קען דאָך אויסגיין.



**ר' מרדכי**

נו, גיי שוין גיב אַ קוק דורכן פענצטער, און זע ווער עס איז.

**חלפתא**

(ביים פענצטער) איך זע! עס איז יענער בחורל, לאָזט מיך! (לויפט צו דער טיר)

**איינע**

(פון די פרויען) האַלט אים צוריק! לאָזט אים ניט!

**חלפתא**

(רייסט אויף די טיר. עס פאַלט אַריין דאָס ייִנגל, אַ פאַרחלשטער און אַ פאַרבלוטיקטער).

**די ווייבער**

(דערשרעקן זיך) אָה — !

**ר' מרדכי**

דאָס איז אַ שלעכטע בשורה.

**חלפתא**

(געפינט זיך באַלד, הייבט אויף דאָס ייִנגל) נו, וואָס שטייט איר אַלע, פאַרוואָס ברענגט מען ניט אַ ביסל וואַסער! (ער זעצט אים אַנידער אויף אַ בענקל)
(איינער לויפט אַרויס ברענגט אַ שיסל וואַסער)

**אסתר**

לאָזט מיך באַוואַשן זיין פנים. (זי וואַשט אים אַרום)

**חלפתא**

ער עפנט שוין די אויגן.

**מאָזעס**

וואָס איז געשען?

**ייִנגל**

געשען — (צעוויינט זיך)

**ר' מרדכי**

קיין גוטס וועט ער ניט דערציילן. לאָזט מיך צו אים.

**חלפתא**

(דרייט זיך אַוועק. גייט איבער דער שטוב און רייבט זיך און ברעכט זיך די הענט). הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן, הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן. עס איז אַ שלעכטע בשורה, וויי איז מיר, וויי איז מיר!

**ר׳ מרדכי**

וועסטו שווייגן, שוטה אינער?

**חלפתא**

שוין, שוין, שווייג איך שוין. (ער קוקט דעם יינגל אין מויל אריין).

**יינגל**

צוויי מחנות, פון פארשיידענע זייטן, — באפאלן איינע די אנדערע,
מיין שוועסטער איז אוועק, איך בין נאכגעלאפן זי רופן, זיינען זיי
מיך באפאלן מיט א קול: שלאגט ידן! שלאגט ידן!

**מאזעס**

ביסטו זיכער, יונגערמאן, אז ידן האט מען געהייסן שלאגן?

**חלפתא**

עס איז אמת, אמת, ווי דער טאג. — הערט! —
(די הערן זיך אלע איין. דאס ווילדע געשריי און דאס שיסן פון א
מאסע מענטשן הערט זיך, קומען אלץ נעענטער).

**ר׳ מרדכי**

עס איז דער שטורעם — וואס קען מען טאן.

**מאזעס**

עס וועט פארבייגיין, עס וועט פאראיבערגיין. פארלירט ניט די קעפ.

**די ווייבער**

ווי איז מיר! — וואס וועט ווערן! — וואס וועט ווערן!

**מאזעס**

שרייט ניט! — דאס זיינען צוויי מחנות קריגן זיך צווישן זיך, דאס
מיינט מען ניט אונדז (אין דעם מאמענט קראכט אריין א שטיין דורכן
פענצטער. דאס געשריי גייט פארביי און אוועק. עס איז שטיל א ווילע).

**חלפתא**

דער שטורעם איז שוין דא.

**ר׳ מרדכי**

אזוי גיך! אזוי אומגעריכט! — (פויזע)

**מאזעס**

מען טאר דעם קאפ ניט פארלירן,
דער שונא איז דערווייל נאך ווייט פון מאכט,
טומלעניש און אומזיסטע מורא זיינען אומגליק אין אזא צייט.

**חלפתא**

יא, יא, מען דארף זיך פארלאזן אויף ניסים.



**ר׳ מרדכי**

מיר טארן די אחריות אויף זיך אליין ניט נעמען.
אויב א פייער, וועט עס פארכאפן אלע ידן
מען טאר ניט בייגן דעם רוקן פאר דעם שונא. (פויזע)
א שליח צו כל ישראל דארף מען שיקן כל זמן עס איז נאך צייט.
(מיט כעס)
דער קנאפל וואס האט געטראטן דורות פון פארסמטע שלענג,
מוז די שלאנג אויך צוטרעטן אידער זי גיסט אויס איר גיפט.

**מאזעס**

און ווער זאל זיין דער שליח?

**ידן**

ר׳ מרדכי, ר׳ מרדכי, זייט איר דער שליח, איר אליין.

**חלפתא**

עס איז נאריש, עס איז שווער פארן באלעבאס,
מאזעס איז יונג, זאל ער גיין צו די ידן און איך —
וועל גיין צום שונא.

**ר׳ מרדכי**

צום שונא גאר? ווי הייסט דו וועסט גיין צום שונא?

**חלפתא**

מען מוז וויסן וואס דער שונא וויל. וועט מען זיך אפשר קענען היטן.

**אסתר**

די שפחה קאטי, וואס האט ביי אונדז געדינט איז די שוועסטער פון
דעם פארפירער —

**חלפתא**

אט אהין טאקע וויל איך גיין.

**ר׳ מרדכי**

גלייך ווי גאלד, מיר טארן קיין זאך ניט פארפעלן.

**חלפתא**

און מען טאר קיין צייט ניט פארלירן.

**ר׳ מרדכי**

(צו אסתרן) עס טוט מיר וויי, מיין קינד, אבער עס פאדערט אונדזער
נויט.

**מאזעס**

עס טוט מיר אויך וויי, און טאפלט וויי, אבער — איך בין גרייט.

**ר׳ מרדכי**

געזעגענן זיך מיט דיין כלה, און מיט אַלע יידן.

**מאַזעס**

זיי געזונט, אסתר.

**אסתר**

(שטיקט זיך מיט געוויין) פאַר געזונטערהייט, און קום געזונט.

**מאַזעס**

זייט געזונט, אַלע יידן.

**אַלע**

גיי געזונט, און קום געזונטערהייט — זיי מצליח.

(מאַזעס גייט אַרויס)

**חלפתא**

און איך וועל גיין אין מיין שליחות.

**ר׳ מרדכי**

זאָל דער אויבערשטער דיך אויך באַגליקן.

**חלפתא**

אָמן, טאַטע געטרייער.

**יידן**

אמן — אמן. (חלפתא גייט אַרויס)

**ר׳ מרדכי**

איצט יידן גייט אַלע אַהיים צו אייער ווייב און קינד. און דער אויבער־שטער זאָל אונדז אַלע אָפּהיטן. (די יידן רוקן זיך פּאַוואָליע אַרויס). און דו, יינגל, וועסט בלייבן דאָ מיט אונדז?

**יינגל**

איך מוז גיין און זוכן מיין שוועסטער.

**ר׳ מרדכי**

זאָל דיך גאָט באַהיטן. (יינגל גייט אַרויס) איצט, מיין קינד, דאַרף מען די לאָדן פאַרמאַכן, אַז דער שונא זאָל ניט קענען צוקומען. (גייט אַרויס אין דער מיטן)

**אסתר**

(טרעט אַרויס פון פאָרנט בשעת אויף דער בינע איז פינצטער און זינגט)



**אסתר**

1

ווי טוי פון דעם הימל, וואָס איז ניט געקומען,
דערפרישן, באַלעבן די לעכצנדע בלומען
דאָס איז, געליבטער, דיין ליבע פאַר מיר;
ווי רעגן וואָס זאַמט זיך און איז ניט געפאַלן,
צו שטילן דעם דורשט פון די טרוקענע קוואַלן
אַזוי, מיין געליבטער, בענק איך נאָך דיר.

נאָר איין בליק פון דיינע אויגן,
פון דיינע אויגן, אַזוי שוואַרץ,
האָט אָנגעצונדן איין העליש פייער,
איין העליש פייער ביי מיר אין האַרץ.

איין העליש פייער האָסטו אָנגעצינדן,
עס ברענט און עס ברענט און הערט קיינמאָל ניט אָף
וואו קען איך פאַר זיך דען אַ טרייסט נאָר געפינען,
אַ טרייסט פאַר מיין האַרצן, וואָס ליידעט אָן סוף.

2

ווי זון אין די וואָלקנס, וואָס האָט זיך באַהאַלטן
און לאָזט דעם ווינט בלאָזן, אַ שאַרפן אַ קאַלטן,
אומעדיק איז מיר, געליבטער, אָן דיר.
ווי בלעטער אויף ביימער, וואָס טריקענען וויאַנען
דער ווינט וועט פאַרבלאָזן אין גיכן פון דאַנען
אַזוי, מיין געליבטער, וועלק איך אָן דיר.

נאָר איין וואָרט פון דיינע ליפּן,
פון דיינע ליפּן אַזוי זיס,
אָוועקגעלייגט וואָלט איך מיין גאַנצן לעבן,
מיין גאַנץ לעבן צו דיינע פיס.
איין העליש פייער א. אַ. וו.

3

ווי אַ שיף וואָס פאַרבלאָנדזשעט דעם רודער פאַרלאָרן,
די האָפענונג צו לאַנדן שוין לאַנג אָנגעוואָרן,

אָזוי, מיין געליבטער, בין איך אָן דיר.
די זעגלען צעריסן, דער מאַסט שוין צעבראָכן
אין מדבר פון ימים אויף אייביק פאַרקראָכן
אָזוי, מיין געליבטער, בין איך אָן דיר.
נאָר איין קלאַנג פון דיין שטימע,
וועקט אויף מיין לידן, וועקט אויף מיין פּיין
צי איז נאָך פאַראַנען פאַר מיר אַ לעבן,
ווען איך מוז בלייבן און אָן דיר זיין
אַ העליש פייער א. אַ. וו.

4

ווי בלומען אָן וואָרצלען וואָס קענען ניט בליען,
ווי פייגל אָן פליגל וואָס קענען ניט פליען.
אָזוי איז מיין לעבן געוואָרן פאַר מיר
ווי קינדער אָן מאַמעס, ניטאָ ווער ס'זאָל דערציען
ניטאָ ווער ס'זאָל זיי לאַשטשען און זיך פאַר זיי מיען
אָזוי, מיין געליבטער, איז מיר אָן דיר.
נאָר איין בליק פון דיינע אויגן,
פון דיינע אויגן אָזוי שוואַרץ,
וואָלט ווי אַ היילונג פאַר מיר געוואָרן
אַ היילונג פאַר מיין פאַרטרויערט האַרץ
אַ העליש פייער א. אַ. וו.
(נאָך דעם אָפּזינגען גייט אסתר אַוועק.

די בינע ווייזט אַ צימער אין דעם הויז פון דעם קליינעם עלטסטערל. קאַטי, וואָס טראָגט אַ גרויסן זילבערנעם צלם אויף דער ברוסט שטייט ביים פענצטער און רעדט אַרויס)

**קאַטי**

אַז דער אויבערשטער זאָל נאָר שומר ומציל זיין, אָזוינס האָב איך נאָך אין מיין לעבן ניט געזען. זאָל נאָר מיין ברודער, אַדעלע, קומען אַהיים, וועלן מיר שוין זען ווער עס איז באַלעבאָסטע אין הויז.

(עס קומען אַריין די דריי טייטשן איינער טראָגט אַ בינטל האָלץ דער צווייטער האָלט אַן עמער וואַסער, דער דריטער טראָגט צוויי טעפּ).



**די דריי טייטשן**

(אינאיינעם) גרויסע, הויכגעבאָרענע קאַטי, זיי אונדז מוחל אַט זיינען מיר אַלע דריי.

**קאַטי**

דאַנקען גאָט, זיי זיינען דאָ. וויניק האָב איך זיך, מיינע שונאים, דאָס האַרץ אויסגעשריגן. וואו זייט איר דאָס געווען? קראַנק זייט איר צו וויסן, וואָס עס פּאַסט זיך פאַר דעם עלטסטנס שוועסטער? (גייט צו נאָענט צו זיי). ציטערן! — דאַרפט איר ווען איך רייד.

**אַלע דריי**

מירן ציטערן. (זיי גיבן אַ ציטער)

**קאַטי**

אַז אַלץ איז אויף מיין קאָפּ און אויף מיינע הענט. ווי זאָגט מען דאָס אַ ווערטל. וואָס ביי אַ שיכורן אויף דער צונג — ניט דאָס מיין איך. העלפט מיר אַרויס.

**דריי טייטשן**

מאָרגן שטונדע האָט גאָלד אין מונדע.

**קאַטי**

ווייי איז מיר, איר ווילט מיך אומגליקלעך מאַכן.
(קוקט זיך אַרום צי קיינער האָט ניט געהערט)

**איין טייטש**

וואָס זיינען אינען אָזוי דערשראָקן?

**קאַטי**

וואָס רעדט איר גאָלד? עס קען דאָך נאָך זיין אַ רמז אויף גאָלדשטיין אָדער גאָלדבערג.

**די טייטשן**

(אינאיינעם) אוי, וויי איז אונדז! אוי, וויי איז אונדז!
(אין דרויסן בלאָזט אַ טראָמפּייטער)

**קאַטי**

מיין גאָט (מאַכט אַן אָנשטעל. שרייט אויף די טייטשן)
ווען מיין ברודער, אַדעשע, זאָל לעבן, וועט דערהויבן ווערן וועלן קעפּ זיך וואָלגערן אין זאָמד. (שטיל צו די טייטשן). איר דאַרפט זיך ניט שרעקן, דאָס איז נאָר פאַר לייטן וועגן. (ווידער אויף אַ קול) דו גיב אַ ביס דאָס האָלץ, צי איז עס ניט קיין דינאַמיט (ער טוט דאָס) איר ביידע נעמט צוביסלעך וואַסער אין די טעפּ און טרינקט

עס אויס. (ביידע טוען עס. איינער גיט זיך אַ טרייסל). **וואָס איז דאָס, אַ פּאַררעטער ? רופט די וואַך !**

**טייטש**

**עס איז ניט דאָס. איך האָב נאָר פּיינט וואַסער, שרעקלעך פּיינט, איך האָב עס אין מיין לעבן ניט געטרונקען. אָבער וואָס טוט ניט אַ מענטש פאַר זיין פאטערלאַנד.**

**די צוויי אַנדערע**

**פאטערלאַנד, פאטערלאַנד איבער אַלעס !**

**קאַטי**

**איבער אַלעס, איבער אַלעס !** (שטעלט זיך אַוועק)
**מיטן פנים צו דער וואַנט,**
**מיטן פנים צו דער טיר,**
**איינער נאָכן אַנדערן**
**גייט אין קיך אַריין נאָך מיר**
(זיי מאַרשירן אַרויס אין קיך).
(חלפתא באַווייזט זיך ביי דער פענצטער)

**חלפתא**

(פאַרזיכטיק) **קאַטי — — — — קאַטי,** (און באַהאַלט זיך, ווייל די **דריי טייטשן** קומען צוריק איינער הינטער דעם אַנדערן אין געמאָסטענע שריט און בלייבן שטיין אין מיטן. די נעמען אַראָפּ די היטלען און ווישן זיך דעם שטערן).

**חלפתא**

(שטעקט אַריין דעם קאָפּ און דערלאַנגט אַ געשריי) : **יאָלדן !**

**די טייטשן**

דערשרעקן זיך. דרייען זיך אויס און זוכן) **ווער האָט עס אונדז באַלידיקט, ווי איז אונדז !** (זיי דרייען זיך אויס צום פובליקום)

**איינער**

**זיינען מיר יאָלדן, הייסט עס ?**

**די אַנדערע צוויי**

**אַ ניין, און טויזנט מאָל ניין. אָט, וואָס מיר זיינען :**
(זינגען)

1

**מיר זיינען דריי טייטשן**
**און האָבן לאַנגע בייטשן**



**און שטייען אויף אַ באַרג**
**און שטייען אויף אַ באַרג**
**און**
**פּאַשן זיך דעם קאַרק**
**און**
**פּאַשן זיך דעם קאַרק**
**און שטייען אויף אַ באַרג.**

2

**מיר היטן אַז די יידן**
**וואָס זיינען ניט צופרידן**
**מיט אונדזער גרויסן לאַנד**
**זאָלן אָפּשטעקן אַ האַנט**
**און**
**בלייבן דאָ אין לאַנד**
**און**
**אָפּשטעקן אין האַנט**
**און בלייבן דאָ אין לאַנד.**

3

**מיר זיינען קיין סאָלדאָטן**
**נאָר שטורמערס און פּיראַטן**
**וואָס ווילן גאָר די וועלט**
**וואָס ווילן גאָר די וועלט.**
**און**
**לאָזן אַרויס די יידן**
**און ווילן זייער געלט**
**אַ חוץ נאָך דעם די וועלט.**
**הייל עלטסטער !**

(איינער איז זיך טועה און זאָגט **„העל עלטסטער"** די אַנדערע צוויי קוקן זיך אום. דער דריטער כאַפּט זיך און בייט איבער אויף **„הייל עלטסטער"**. די דרייען זיך אויס מיליטעריש און גייען אַרויס. **חלפתא** שטעקט ווידער אַרויס דעם קאָפּ און רופט)

**חלפתא**

קאַטי — — — — קאַטי — (און באַהאַלט זיך)

(אײנער פון די טײטשן קומט אַרויס באַלד נאָך אים קומט קאַטי מיט אַ קאָכלעפל אין דער האַנט).

**טײמש**

שוש — פריילין קאַטי!

**קאַטי**

ווײ איז מיר! דאָס האַרץ פאַלט מיר אַרויס פון דײנע שטיק. וואָס איז שוין ווידער?

**טײמש**

שוש — — שוש — געכאַפּט אַ העכט!

**קאַטי**

וואָס רעדסטו, אַ לעבעדיקן?

**טײמש**

ער לעבט און צאַפּלט זיך.

**קאַטי**

ברענג אים באַלד, וועל איך אים אָפּקאָכן פאַר מײן אדעשע.

**טײמש**

פוי, קאָכן און עסן?

**קאַטי**

ביי אים איז פוי. אַזאַ יאָר שוין אויף מיר. ווי אַ גוט שטיקעלע גע־פילטע העכט, אײנגעהאַקט מיט אַ ציבעלקעלע, און אַ גוט ביסל כריין, אַז ווער עס ווינשט מיר גוטס.

**טײמש**

שוש. — ניט אַזאַ העכט, איך מײן אַ ידישן. עס איז אַ סוד. מען טאָר ניט וויסן.

**קאַטי**

הער ווי די צונג האָט אים אָפּגענומען, גיב שוין לשון, קעבעבע.

**טײמש**

געכאַפּט אַ ייד, אַ העכט, גאַר, גאַר —

**קאַטי**

וואָס עס האָט זיך מיר געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט זאָל מיר צו דײן קאָפּ אויסגײן. (שפּײט אויס) טפו זאָלסטו ווערן. וואָס איז דער יחוס. קאָרג פאַראַן יידן אויף דער וועלט?



**טײמש**

וואָס רײדן זײ. אינגען ווייסט ווער דער ייד איז? דאָס איז דער יונגער מאַזעס.

**קאַטי**

(דערשרעקט זיך כמעט) וואָס רעדסטו, טאַקע אים אַלײן?

**טײמש**

טאַקע אים אַלײן. מיט דאָקומענטן.

**קאַטי**

דאָקומענטן? אײן קלײניקײט! דו ווייסט דען ווער דאָס איז, דער מאַזעס.

**טײמש**

מיר האָבן געהערט.

**קאַטי**

ביי אונדז האָט מען פון אים געהאַלטן אַ וועלט. עס איז אַ סברה אַז ער שדכנט זיך צו אונדזער אסתרקען. און אַן אסתרקע איז דאָס, אויף אַלע מײנע ליבע געזאָגט געוואָרן. און אַ מאַטניאַ וועט זי קריגן, שוין אײנמאָל אַ נדן.

**טײמש**

ער האָט געוואָלט גנבענען די גרענעץ מיט פּאַפּירן.

**קאַטי**

נאָך מיט פּאַפּירן. ווער מײנט איר איז ער עס, גנבענען אַ גרענעץ. מיר וועלן זיך ניט לאָזן פון די יידן. אײן קלײניקײט, גיט אים אַ גרענעץ, גיט אים.

**טײמש**

דאָס איז אַ סוד.

**קאַטי**

אויב אַ סוד מעגסטו זיך אויף מיר פאַרלאָזן. און וואָס וועסטו מיט אים טאָן?

**טײמש**

מיר וועלן אים פאַרשפּאַרן ביז ער וועט אויסזאָגן אַלע ידישע סודות.

**קאַטי**

האָבן זײ סודות, מאַמע געטרײע.

**טײמש**

מיט געוואַלט וועלן מיר זײ אַרויספּרעסן אין ברוינעם קעלער.

קאַטי

הער, דענקסטו. עס וואָלט זיך געפּאַסט פאַר מיר אַרונטער צוגיין און זיך ווייזן פאַר אים. זאָל ער כאַטש זען וואָס עס איז געוואָרן פון קאַטין.

טייטש

געפּאַסט וואָלט זיך, נאָר ווען מען זאָל זיך דערוויסן —

קאַטי

וויסן דאַרף קיינער ניט. נאָר איך טראַכט, אפשר פּאַסט עס ניט, נאָך אַלעמען ווער איז ער און ווער בין איך. ווייסטו וואָס, לאָמיר עס בעסער אָפּלייגן אויף אַן אַנדער מאָל.

טייטש

עס איז בעסער אַזוי. אָבער דערווייל איז עס אַ סוד —

קאַטי

אייך קלייניקייט! (טייטש גייט אַרויס. קאַטי לאָזט זיך גיין אין קיך)

חלפתא

(ביים פענצטער) פסט — — פסט — —קאַטי!

קאַטי

(דערשרעקט זיך) מאַמע! (כאַפּט זיך ביים האַרצן. דערזעט חלפתן מיט פרייד). אוי, ווי איך לעב, חלפתא!

חלפתא

קען מען אַריינקומען?

קאַטי

(קוקט זיך אַרום) חלפתאינקע, טייערער, שטעלסט זיך איין דאָס לעבן.

חלפתא

איך מוז דיך זען.

קאַטי

צוליב מיר שטעלסטו דיר איין דאָס לעבן?

חלפתא

איך מוז.

קאַטי

נו קום אַריין וואָס גיכער. איך וועל פאַרריגלען די טיר און פאַרציען די פאַרהענגלעך.

(חלפתא קומט אַריין. קאַטי פאַרריגלט די טיר און פאַרציט די פאַרהענגלעך). דו ווייסט דען וואָס פאַר אַ חברה מיר האָבן דאָ. נאָר מען שפּיאָנעוועט, מען קען אַ טראָט ניט מאַכן. עס איז שוין ניט צום אויסהאַלטן.



חלפתא

דאָ שפּיאָנעוועט מען אויך?

קאַטי

וואָס דען, ניין? — זעץ זיך דאָ ביי אונדז. (ווישט אָפּ אַ בענקל מיטן פאַרטעך). נאָר, גאָר ניט. דו דאַרפסט קיין מורא ניט האָבן. עס איז עפּעס אַ קלייניקייט ווער איך בין דאָס, פרינצעסין קאַטי. אָט קריגט מיין אדעשע די מאַכט, ווער איך אַ פרינצעסין.

חלפתא

(אין דער זייט) ניט דערלעבן.

קאַטי

וואָס זאָגסטו?

חלפתא

איך זאָג, אַז גאָט וועט געבן, געבן אַ ישועה פאַר אַלעמען וועסטו אויך געהאָלפן ווערן.

קאַטי

מיינע ווערטער. אָט דאָס וואָס איך זאָג. אַז דער אויבערשטער וועט העלפן, מיר וועלן אַריינקריגן די מאַכט און עס וועט שוין לאַנג ניט נעמען. יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן. איך זאָג עס קעגן דעם, וואָס מיין ברודער אדעשע, זאָל לעבן, איז אַזוי גרויס געוואָרן. זאָלסטו זען ווי די גרעסטע לייט, אָפּיצירן און יעדנעראָלן, לייגן זיך פאַר אים ממש אויף דער ערד. און מיין מאַמע דאַרף ליגן אין דער ערד און פוילן. (ווישט זיך אַ טרער).

חלפתא

כן יאבדו.

קאַטי

אמן, טאַטע געטרייער. — יאָ, וואָס זשע. האָב איך געוואָלט זאָגן — וועגן די יעדנעראָלן. זאָגן זיי, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט מיין אדעשע בלייבן דער איינציקער מלך.

חלפתא

און וואָס וועט זיין דערנאָך?

קאַטי

פרעגט שוין גאָר ניט. אַלע שונאים פונעם פאָלק וועט מען אויסהענגען און קעפּ וועלן זיך וואַלגערן אין זאַמד. דאָס זיינען אדעשעס אייגענע ווערטער. און אַז ער זאָגט ווייסט ער וואָס ער רעדט.

**חלפּתא**

אוודאי, ווייס ער.

**קאַטי**

וואָס טויגן מיר די טענות. זאָג מיר בעסער, האָסטו זיך אַזוי פֿאַר־בענקט נאָך דער אַלטער קאַטי, אַז ביסט אַזש געקומען מיך זען.

**חלפּתא**

אוודאי.

**קאַטי**

עס איז אַ מצוה אויף דיר. איצט וועסטו וויסן ווי מיך אָפּצושאַצן. און ווען איך האָב געדינט ביי ר׳ מרדכין האָסטו מיך אפילו ניט אָנגע־קוקט.

**חלפּתא**

וואָס געווען, איז געווען.

**קאַטי**

און מיין אדעשע זאָגט, וואָס איז געווען מוז צעבראָכן ווערן. אָט, זעסט דאָך, בין איך געווען אַ דינסט און קוק מיך היינט אָן. קוקט ניט אויף דעם צלם, דאָס איז צוליב מענטשן. און ווען דו וואָלסט געווען אַן אַנדערער, וואָלט איך אים געקענט גרינג אַראָפּנעמען.

**חלפּתא**

אפשר טאַקע.

**קאַטי**

וואָלסט גאָר געווען אַן אַנדערער. ווייס איך אַ סוד, אַז דו וואָלסט פּלאַצן, מיינע שונאים.

**חלפּתא**

אַ סוד? — וואָס גייען מיך אָן דיינע סודות.

**קאַטי**

דעם סוד וואָלסטו שוין גאָר וועלן וויסן, אָבער ניט פֿאַר דער גאַנצער וועלט.

**חלפּתא**

אפילו פֿאַר מיר אויך ניט?

**קאַטי**

(קאָקעטיש) אפילו ניט פֿאַר דיר.

**חלפּתא**

אפילו ניט פֿאַר דיינעם אַ געליבטן?



**קאַטי**

(ווערט ערנסט) וואו האָב איך אַ געליבטן, צרות מיינע. האָסט מיך ווען געוואָלט? דו ביסט אַליין און איך בין אַליין, און קיינמאָל האָסטו מיך אפילו ניט אָנגעקוקט.

**חלפּתא**

וואָס פֿאַרשטייסטו ניט. איך האָב געמיינט אַז אַ ליבע שפּילט מען ביחידות.

**קאַטי**

(זינגט)

1

אוי ביסטו אַ נאַר<br>
אַ ליבע שפּילט מען נאָר אין צווייען,<br>
קיינמאָל ניט אַליין.<br>
טאַנץ מיט מיר, לאָמיר זיך דרייען<br>
דו דאַרפֿסט ניט ווייטער גיין<br>
ביסט נאָך ניט קיין אַלטער בחור<br>
כאָטש דו ביסט ניט שיי — ען.<br>
אַ דאגה מיר, אַבי אַ זכר,<br>
לאָמיר זיך דאָ דרייען (טאַנצן)

**חלפּתא**

2

אַ סכנה איז אין צווייען<br>
בעסער זיין אַליי־ען<br>
הער מיר אויף אַ קאָפּ צו דרייען<br>
מיין נשמה׳ז ריין<br>
ליבע שמיבע, וועמען אַרט עס,<br>
אַן עסק פֿאַר ערלים.<br>
עס גייען נאָר די פּוסטע מוחות<br>
אַרויס גאָר פֿון די כלים.

**קאַטי**

(זינגט מיט אַלטער מעלאָדיע) און אפשר גייט עס דיר אין נדן? —

**חלפּתא**

ליבע שמיבע א. אַ. וו. (טאַנצן)

**קאַטי**

3

אין צווייען טאַנצט מען נאָר אַ קרענצל
קיינמאָל ניט אַליי־ען
איך שטאַרב צו גיין מיט דיר אַ טענצל
קום לאָמיר זיך דרייען
גיב אַ האַנט לאָמיך זי האַלטן
איך וועל זי שטאַרק ניט דריקן
קענסטו ניט צי קענסטו טאַנצן
מיר וועלן זיך דערקוויקן.
(טאַנצן)

**חלפתא**

4

גיי אַוועק דו שוואַרצע קליפּה
זוך דיר פון דיינס גלייכן
אַ כשרע טאָכטער איז מיין ציפּה
אַ ייד פון דיר מוז וויכן.
באַהאַלט דיר דיינע שוואַרצע קונצן
פאַר דיינע ערלים
נאָר אַזוינע פינצטערע כאַמעס
ברענגסטו פון די כלים.

**קאַטי**

(זינגט מיט אַלטער מעלאָדיע)
אפשר גייט עס דיר אין יחוס ? —

**חלפתא**

(מיט אַלטער מעלאָדיע)
ביסט דאָך שוין אַ מיידל אין די יאָרן —
באַהאַלט דיר דיינע שוואַרצע קונצן
א. אַ. וו. (טאַנצן)

**קאַטי**

5

וואָס דאַרפסטו מיינע יאָרן ציילן,
איך היים זיי דיר דען קויפן ?



כאַפּ אַ קוק אין מיינע אויגן,
דאַן פּרוביר אַנטלויפן.
אויף ליבע בין איך ניט קיין אַלטע
מיר וועלן זיין ווי טויבן
בעסער ווי אַ יונגע קאַלטע
מעגסט מיר הייליק גלויבן.

**חלפתא**

(מיט אַלטער מעלאָדיע)
דייך טאַטע איז אַ סמאַראַוואזניק. —

**קאַטי**

(שרייט אים אַריין אין פּנים)
וועסט האָבן אַזאַ סוף ווי מאָזעס. ער ליגט איצט אין ברוינעם קעלער.
ער האָט געגנבעט אַ גרענעץ.

**חלפתא**

קאַטי, וואָס רעדסטו, איז עס אמת ? (טרייסלט זי) איך, זאָג —

**קאַטי**

(ברעכט אויס אין אַ געוויין) אמת, — ווי— גאַלד —

**חלפתא**

(לויפט אַרויס, צוויי טראָמפּייטן בלאָזן אויס אין דרויסן)

**קאַטי**

ווי איז מיר ! מער וואָלט מיר ניט געפעלט. (זי ווישט זיך די אויגן, טוט אָן אַ שמייכל אויף די ליפּן. צוויי טייטשן מיט די טרומפּייטן קומען אַריין און שטעלן זיך אַוועק ביי דער טיר)

**קאַטי**

שוין, אַפּגעלאָזן : זע, ווי מען זשאַלעוועט אַ בלאָז — (עס קומט אַריין דאָס קליינע עלטסטערל, ער קוקט זיך אַרום שטרענג אַרום דעם צי־מער, נאָך אים קומט דער הויפּט קנאַקער, דער הויפּט שפּילער, דער הויפּט ריידער, דער מיניסטער, דער הויפּט יעדנעראַל דער אונטער־יעדנעראַל).

**עלטסטער**

האָט מען זיך גוט אַרומגעקוקט ?

**קנאַקער**

גוט אַרומגעקוקט, אדוני עלטסטער, קענסט זיך פאַרלאָזן.

עלטסטער

(קוקט זיך אַרום) וואו איז דער באַלדאַך?

שפּילער

(אין פאַרלעגנהייט) איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אדוני עלטסטער —

עלטסטער

איך דאַרף ניט דעם אמת!

קנאַקער

וואָס שטייסטו און טראַכסט. מען זאָגט דיר, מען דאַרף ניט, דאַרף מען ניט.

שפּילער

אַז מען דאַרף ניט דאַרף מען ניט, איך דינג זיך דען?

עלטסטער

עס זאָל מיר ווערן דער יונגער באַלדאַך.

ריידער

(שמייכלענדיק) פאַרוואָס פאַרשטייסטו ניט אדוני עלטסטער, ער האָט מורא — דו פאַרשטייסט דאָך, עס לוינט זיך ניט פאַר אים.

קאַטי

געהערט אַזוינס. גייט מען און מען פאַרלירט אַ באַלדאַך!

(פרעגט ביים דיט) וואָס איז דאָס אַזוינס?

עלטסטער

איך האָב ניט ליב אַזוינע געשעפטן. איך וויל דעם באַלדאַך.

שפּילער

(שטאַרק דערשראָקן) אָט גיי איך אים שוין רופן. (ער שרייט אַרויס) באַלדאַך! באַלדאַך! (עס הערן זיך ווי ווידערקולן: שרייענדיק: באַלדאַך. צולעצט גייט דער שפּילער אַרויס און אַוועק).

עלטסטער

(גייט אַרום שטאַרק אין כעס) מען קען צעפּלאַצט ווערן. מען קען צע־פּלאַצט ווערן.

ריידער

מען קען צעפּלאַצט ווערן.

יעדנעראַל

(צום מיניסטער) און דאָס וועט זיין אונדזער רעגירער.

קנאַקער

וואָס האָט איר גערעדט, הער יעדנעראַל?



יעדנעראַל

איך האָב גלאַט געזאָגט אַזוי צו האָבן דאָס גענאַד פון אַ רעגירער!

קנאַקער

וואָס הערט זיך מיט מיין טיטול?

יעדנעראַל

אַנטשולדיקט הער, יעדנעראַל, די צייטן דינען מיר אַלע יעדנעראַלן.

קנאַקער

דאָס זיינען נייע צייטן, הער יעדנעראַל.

קאַטי

אַזאַ יאָר שוין אויף מיר ווי אמת ער זאָגט.

ריידער

שוין צייט, אַז איר זאָלט וויסן, אַז ווען דאָס פאָלק (ער לאָזט זיך אַוועק אין אַ לאַנגער רעדע) האָט אַרונטערגעוואָרפן די קייטן פון זיינע באַ־דריקערס און האָט שטאָלץ אויפגעהויבן —

קנאַקער

(אונטערברעכט אים) אויפגעהויבן, וואָס? (יענער ווערט צעמישט).

אדרבה, זאָג וואָס. (די איבעריקע צעלאַכן זיך)

ריידער

אדוני עלטסטער, איך פּראָטעסטיר, אין נאָמען פון —

קנאַקער

אין נאָמען פון וואָס? — גיי זעץ זיך אַוועק און האַק ניט קיין טשאַיניק.

קאַטי

עס איז ניט צום אויסהאַלטן פון אים. דאָס מויל שטייט אים ניט אויף אַ מינוט.

עלטסטער

נאָך אַלץ ניטאָ, דער באַלדאַך?

קאַטי

וואָס פאַר אַ מין איז דאָס דער באַלדאַך?

מיניסטער

דאָס איז דער נייער שטערן אויף אונדזער הימל, פריילין.

עלטסטער

איך האָב דעם באַלדאַך געבראַכט אַהער, ווייל איך וויל, אַז זאָלסט זיך מיט אים באַקאַנען. (צווישן די איבעריקע ווערט אַ געשושקעריי וועגן דעם: אַזוי, אַזוי) — ער איז אַ פיינער יונגער העלד.

**אַלע**

(ווערן מיט אַמאָל איבערצייגט פון באַלדאַכס גרויסקייט רינגלען אַרום קאַטין). אַ, ער איז פיינער יונגערמאַן — אַן אמתער העלד — אַ פאַרשוין — אַ שיינהייט — אַן אבער מענטש — אַ העלד, פריילין קאַטי גאָר אַ פיינער יונגערמאַן פון אַ גרויסער משפחה —

**קאַטי**

וואו איז ער שוין?

(דער שפּילער קומט צולויפן)

**שפּילער**

(אין איין אָטעם) ער גייט, אדוני עלטסטער, אָט קומט ער, ער איז שוין דאָ — (אַלע מאַכן אַ ווארע פון דעם עלטסטן ביז צו דער טיר. שוראַך פון באַלדאַך קומט אַריין).

**באַלדאַך**

(מאַכט אַ מיליטערישן סאַלוט) איך בין גרייט צו דיין דינסט, גרויסער פון אַלע גרעסטע.

**קנאַקער**

דאָס זיינען ווערטער.

**שפּילער**

אַז איך — —

**עלטסטער**

דו זאָלסט וויסן, אַז פון היינט מאָל אָן זאָלסטו פון קיינעם קיין באַפעלן ניט נעמען אַ חוץ פון מיר.

**באַלדאַך**

דו באַפעל, אדוני עלטסטער.

**עלטסטער**

איצט וויל איך דו זאָלסט זיך באַקאַנען מיט מיין שוועסטער. דאָס איז אַ יונגערמאַן, וואָס וועט וואַקסן, קאַטי, דאָס איז שוראַך פון באַלדאַך.

**אַלע**

הערט, הערט — —

**קאַטי**

(פאַרנייגט זיך טיף) זייער שטאַרק אָנגעלייגט.

**עלטסטער**

און דאָס איז מיין שוועסטער קאטערינע.



**קאַטי**

נישט קשה, איר מעגט מיך רופן קאַטי, אַלע רופן מיך קאַטי.

**באַלדאַך**

(מאַכט אַ טיפע פאַרנייגונג און איז דייער העלדיש) עס איז אַ גרויסער כבוד פאַר מיר. איך וועל אַלעמאָל זיין גרייט צו קעמפן פאַר דעם כבוד פון מיין פירערס שוועסטער.

**קאַטי**

טיא, טיא, ס'אַרא פיינקייט!

**עלטסטער**

איצט, מיינע געטרייע, דאַרף מען פאַרגעסן די קליינינקייטן און איבער־גיין צו וויכטיקע ענינים.

**קאַטי**

אדעשע, קרוין, דאָס האַרץ מוז דיר דאָך חלשן.

**עלטסטער**

שפּעטער, שפּעטער.

**קנאַקער**

מען קען ניט פאַרהאַנדלען ביז דער גרויסער טראַכטער קומט.

**ריידער**

ווער איז ער דאָס דער גרויסער טראַכטער מען זאָל אויף אים דאַרפן וואַרטן..

**באַלדאַך**

ווער איז דאָס אַזוינס דער גרויסער טראַכטער?

**קנאַקער**

דו מעגסט עס וויסן, יונגערמאַן, עס איז דער גרעסטער טראַכטער פון אַלע טראַכטערס. ער טראַכט אויס די בעסטע טראַכטענישן.

**דער ריידער**

אויב דו ביסט עס אַזאַ מבין, זאָג מיר מיט וואָס טראַכט מען?

**קנאַקער**

(איז געפּלעפט) פרעג מיך עפּעס גרינגערס.

**ריידער**

זעסט ווי דו ביסט אַ געפּלעפטער. (אַלע לאַכן)

**מיניסטער**

מיינע הערן, איז דאָ דער פּלאַץ זיך צו קריגן, אין קעגנוואַרט פון אונדזער עלטסטן?

**קאַטי**

אוי, קינדערלעך, וואָס דאַרפט איר זיך קריגן, ברענגט אַ יידן וועט ער שוין פאַר אייך טראַכטן און טראַכטן.

**ריידער**

אדוני עלטסטער, איך פראָטעסטיר קעגן דעם פאָרשלאָג. אַ חוץ דעם רעדט זי מיטן אַקצענט, אויב איך מעג מיר דערלויבן די פרייהייט וועל איך זאָגן אַז זי „מאָושעלט״.

**קאַטי**

אָט האָסטו דיר אַ משל, מאָושעל — קאַפּאָושעל. פרנסה איז דאָ דאַרף מען זיך קריגן. מיר זיינען דאָך ווי אַן אייגענע משפחה. טפו, טפו — קיין בייז אויג קיין עין הרע.

**עלטסטער**

(איז געפיייניקט פון דער סצענע) פאָלג מיך, קאַטי, נעם דעם יונגן באַלדאַך און גיי אַ ביסל שפּאַצירן.

**קאַטי**

פאַרוואָס דען ניט, איר ווילט גיין הער באַלדאַך?

**באַלדאַך**

אַז דער פירער הייסט, מוז איך. (ער באָט איר אָן דעם אָרעם און פירט זי אַרויס).

**קאַטי**

מאַמע געטרייע, וואָס פאַר אַ קאַוואַליער איז עס (זיי גייען אַרויס)

**יעדנעראַל**

(פאָכעט זיך) פוה — עס איז הייס —

**מיניסטער**

(שטיל) הער יעדנעראַל — ווי געפעלט אייך דאָס אידימל?

**יעדנעראַל**

אַ פיינער יונגערמאַן, נאָר ווי ווערט מען פון אים פטור.

**ריידער**

אַך, וואָס פאַר אַ פיינקייט —

**קנאַקער**

דו רעדסט, דו און דער שפּילער וואָלטן אים וועלן דערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער.

**שפּילער**

איך? — איך? — איך בין אַ קינסטלער, וויל איך איר זאָלט וויסן.



**טייטש**

(ביי דער טיר) עס גייט, עס גייט, דער גרויסער טראַכטער!
(אַלע שווייגן דייערע בליקן זיינען צוגעקלעפּט צו דער טיר).

**קנאַקער**

פאַרוואָס קומט ער שוין ניט?

**טייטש**

ער גייט, ער גייט, אָט איז ער שוין דאָ! (עס קומט אַריין טיף פאַרטראַכט, דער גרויסער טראַכטער, ער פאַרנייגט זיך פאַר דעם עלטסטן און בלייבט שטיין אין אַ פּאָזע).

**טראַכטער**

(ער רעדט מיט אַ שאַרפן ליטווישן אַקצענט) גרויסער, געהויבענער, אַלמעכטיקער און אַלגעוועלטיקטער.

**קנאַקער**

איר הערט ווערטער — (טראַכטער גיט אויף אים אַ בייזן קוק) שוין, שוין, איך זאָג שוין גאָר ניט.

**טראַכטער**

אַלגעוועלטיקטער און אַלגעשטאַלטיקער (קנאַקער שאָקלט צו מיטן קאָפּ) איינער און איין איינציקער פון עק וועלט ביז עק וועלט, אדוני עלטסטער, איך דיין אומווירדיקער קנעכט, וואָג עס צו באַגריסן דזשיך! (פאַלט אויף די קני) דו בינסט וואַטאַן, דו בינסט טאָר, פון דזשיר קומט ליכט, פון דזשיר קומט פינצטערניש, דו ביסט פון פייער, דו ביסט פון וואַסער.

**יעדנעראַל**

(צום מיניסטער) דאָס הערט מען פון די רייד.

**טראַכטער**

דו ביסט גאָט דו ביסט דער טייפל אַלץ קומט פון דזשיר, אַלץ גייט צו דזשיר, איך באַגריס דזשיר, איך באַגריס דזשיר

**מיניסטער**

ווען ער וואָלט ניט ריידן ווי אַ ליטוואַק.

**יעדנעראַל**

ביי זיי אין ריגע רעדט מען אַזוי.

**מיניסטער**

אַ מאָדנע זאַך, אַלע ליטוויקעס קומען פון ריגע.

**עלטסטער**

שטיי אויף מיין געטרייער דינער און פאַרנעם אַ פּלאַץ ביי אונדזער וויכטיקער אסיפה. (דער טראַכטער זעצט זיך) איצט מיר זיינען שוין אַלע פאַרזאַמלט, לאָמיר אויסהערן אַ באַריכט וועגן אונדזער אַרבעט.

**הויפּט ריידער**

(שטעלט זיך אויף פּאַר אַ לאַנגער רעדע) אדוני עלטסטער, גרויסער פירער און איר —

**עלטסטער**

פריער וואָלט איך געוואָלט הערן וועגן דער אַרבעט פון אונדזער הויפּט קנאַקער.

**קנאַקער**

נאָר ער שטופּט זיך, קאַנאַריק, וואו קריכסטו ?

מיינע פריינט. איר ווייסט דאָך קיין גרויסער רעדנער בין איך נישט, אָבער ווען עס קומט צום טאָן, מעגט איר זיך אויף מיר פאַרלאָזן. הכלל, צו באַריכטן האָב איך אָט וואָס. איך קום באַלד צום פּונקט. מיר האָבן דורכגעפירט אַ פּאָגראָם, אייגנטלעך קען מען עס נאָר אָנרופן אַ פּאָגראָמל. אָבער עס האָט אונדז באַוויזן איין זאַך. אַז פּאָגראָמען קען מען מאַכן.

**מיניסטער**

יאָ, מיינע פריינט, עס איז טאַקע פיין צו שעדיקן די ייִדן, אָבער וואָס וועט אויסלאַנד זאָגן.

**טראַכטער**

אויסלאַנד, שמויסלאַנד. שיקט מיך, איך וועל אַלץ פאַריכטן.

**ריידער**

אויסלאַנד לאָזט איבער צו מיר.

**קנאַקער**

אַלץ לאָזט צו אים, אָבער קומענדיק צוריק צו דער טעמע פון הײַנטיקן אָוונט.

**ריידער**

(שפּרינגט אויף) איך פּראָטעסטיר ! ער האַקט מיר איבער די רייד.

**קנאַקער**

דאַנק גאָט אַז ניט איבער די זייטן. (אַלע לאַכן)

**ריידער**

איך פּראָטעסטיר.



**קנאַקער**

זעץ זיך אַוועק און דריי ניט אַ מוח, — איך מוז ווייטער באַהויפּטן, (קלאַפּט מיר דער פויסט אין דער דלאָניע) אַז פּאָגראָמען קען מען מאַכן. אַי איר זאָגט אויסלאַנד ? ווער זיינען מיר דאָס, פרעג איך ? (דער טראַכטער „פּעטשעלט“ די הענט) אדרבא, איך פרעג ביי אייך ? איז ניט די גאַנצע מאַכט אונדזערע ? און ווער זיינען זיי אין דעם אויסלאַנד ? — האַ, איר שוויגט ? — אַי, דער אַלטער קווענקלט זיך. אַז ווי לאַנג לעבט אַ מענטש. און ווען דער אַלטער וועט אַוועק, איז „וויאָ“ ! עס וועט אַוועקגיין אַ גאַנג.

**הויפּט טראַכטער**

איך זאָג פּאָגראָמען זיינען טאַקע וויכטיק. אָבער וויכטיק איז אַז מיר זאָלן אַוועקשטעלן אונדזערע גרויסע געטער אויף זייער פּלאַץ, וואָס ווערט איצט פאַרנומען פון דעם ייִדישן גאָט און איבער אַלע דאַרפן מיר אַוועקשטעלן אונדזער גרויסען עלטסטן אַליין.

**אַלע**

(אַ חוץ דעם מיניסטער) בראַוואָ ! בראַוואָ !

**הויפּט ריידער**

עס איז טאַקע אמת, אַז אונדזער עלטסטער איז דער מעכטיקסטער פון הימל ביז צו דער ערד (רעדנעריש) אָבער די הויפּט זאַך זיינען דעמאָנסטראַציעס ! גרויסע מעכטיקע דעמאָנסטראַציעס, אַז דאָס פאָלק זאָל זען ווער מיר זיינען. (טראַכטער פּעטשלט בראַוואָ) מיר דאַרפן האָבן פאָנען , מיר דאַרפן באַנדעס קלעזמער, מען דאַרף מאַרשירן, מאַרשירן מיט פאָנען, מיט פּויקן און מיט טאַנצן, מאַרשירן און שרייען הורא. (טראַכטער פּעטשעלט)

**קנאַקער**

איך האַלט זיך ביי מיינעם, מיר דאַרפן גרויסע מעכטיקע פּאָגראָמען. (טראַכטער פּעטשעלט).

**עלטסטער**

איך וואָלט וועלן הערן, וואָס אונדזערע יעדנעראַלן האָבן צו זאָגן.

**הויפּט יעדנעראַל**

(רעדט רואיק און געלאַסן) טייערע פריינט, פון די אַלע רייד וואָס איך האָב געהערט בין איך דערגאַנגען, אַז איר אַלע קענט אונדזער פאָלק, אָבער ניט אינגאַנצן, ווייל איר האָט פאַרגעסן איין זאַך וואָס אונדזער

פאלק מוז האבן מער פון אלץ, און דאס איז — מלחמה. (עס ווערט א געקלאפעריי און א געשריי) „הורא!" און „בראווא"!

**טראכטער**

טאקע ריכטיק, מלחמה, אבער מיט וועמען, פאני יעדנעראל?

**יעדנעראל**

א ריכטיקע פראגע. אבער אפילו דאס האבן מיר שוין אויסגעארבעט. לויט אונדזער גרינטלעכן פלאן דארפן מיר האלטן מלחמה מיט — — דער וועלט.

**טראכטער**

מיט דער גאנצער וועלט?

**קנאקער**

דאס וואלט שוין זיין איינמאל א מלחמהלע־גנב, אבער ווי אזוי הייבט מען עס אן?

**יעדנעראל**

זייער איינפאך. מיר הייבן אן פון אונדזער ערגסטן שונא. ס׳פארשטייט זיך, אז איך מיין די רוסן.

**עלטסטער**

ווי קענען מיר מיט זיי אנהייבן, אז זיי האבן אזויפיל פארבינדעטע און מיר האבן קיינעם ניט?

**יעדנעראל**

פאראן, מען דארף נאר זוכן צווישן זייערע שונאים.

**קנאקער**

די יאפאנטשיקעס!

**יעדנעראל**

געטראפן. זיי ווידער זיינען ניט קיין גרויסע פריינט פון אמעריקע. און — אט האט איר שוין א וועלט מלחמה. די רוסן און אמעריקע פון איין זייט, מיט זיי די פראנקען. מיר, די יאפאנטשיקעס, פוילן און נאך עטלעכע קלייניקע מלוכהלעך פון צווייטן צד. צו יענעם צד קען מען נאך צורעכענען די טשעכן. מיינט איר אז דאס איז אן אומגליק? וועלן דערפאר די איבעריקע מלוכהלעך גיין מיט דעם, וואס וועט זיין שטארקער.

**טראכטער**

און וואס הערט זיך וועגן ענגלאנד און איטאליען?



**יעדנעראל**

קענט איר דאך איטאליע, היינט איז זי מיט אונדז און מארגן איז זי מיט אן אנדערן, פאר זיי מוז עס זיך לוינען. ווי קענען זיי גיין מיט די פראנקען, אז איינער איז כסדר דעם אנדערן אין וועג. לסוף וועלן זיי זיין מיט אונדז און קעגן די פראנקען, איבערהויפט ווען עס וועט זיך לוינען.

**טראכטער**

אבער ענגלאנד איז א הארטע נוס צו קנאקען.

**יעדנעראל**

ניט אזוי הארט. איך פרעג ביי אייך, וואס קען ענגלאנד געווינען אין אזא מלחמה? גארניט. וואס קען זי פארלירן? אלץ. א מלחמה מיט אן אזיאטישער מאכט קען צעטרייסלען די גאנצע אימפעריע אירע. וואס זי וועט טאן איז דאס: זי וועט בלייבן נייטראל און מאכן גוטע געשעפטן. מיר דארפן זיך נאר היטן פאר נארישקייטן.

**עלטסטער**

דענקט איר, הער יעדנעראל, אז מיר קענען געווינען אזא מלחמה?

**יעדנעראל**

מיר קענען זי גאר ניט פארלירן. אבער צוגעגרייט מוז מען זיין. אלע מוזן זיין צוגעגרייט, דאס גאנצע פאלק.

**עלטסטער**

און וואו וועט זיך די מלחמה אנהייבן?

**יעדנעראל**

דאס מוזן מיר איבערלאזן פאר אנדערע, נאר אין א נויטפאל וועלן מיר גיין באפרייען אונדזערע אונטערדריקטע ברידער אין פרעמדע מדינות.

**ריידער**

(האלט שוין א רעדע) מיר מוזן באפרייען אלע אונדזערע ברידער! אונדזער בלוט און פלייש שמאכט אונטער א פרעמדן יאך. דערפאר זאג איך, אז מען דארף אויפוועקן דאס גאנצע פאלק! ווען אונדזערע גרויסע אבות זיינען געגאנגען אין דער מלחמה —

**קנאקער**

מען האט שוין געהערט.

**טראכטער**

דאס איז וויכטיק, זייער וויכטיק, מען מוז טראכטן וועגן אונדזערע געטער.

**עלטסטער**

מײנע פרײנט! איר דארפט זיך ניט קריגן. אַלע פּלענער זײנען גוט. מיר װעלן דערפאַר אױספירן אַלע פּלענער. דערװײל, ביז מיר װעלן קריגן די גאַנצע מאַכט, זאָלן מיר דערװײל אָנגײן מיט די צװײ װיכ־טיקסטע אַרבעטן: דעמאָנסטראַציעס און פּאַגראָמען.

**קנאַקער**

װאָלט איך פאָרגעשלאָגן אַז מיר זאָלן כאַפּן דעם גרעסטן יידן, דעם ייד, מרדכי װײנשטײן, דעם ייד מאָזעס האָבן מיר שױן געכאַפּט.

**עלטסטער**

(װערט גאָר אַ לעבעדיקער) דאָס איז דער בחור מיט דעם קלוגן קאָפּ?

**קנאַקער**

טאַקע דעם זעלביקן.

**עלטסטער**

איך װיל אים זען נאָר ניט איצט, שפּעטער, און שיקט באַלד נאָך דעם יידן מרדכי.

**קנאַקער**

װעמען גיט מען אַזאַ אײדעלע שטיקל אַרבעט?

**עלטסטער**

(טראַכט) דעם יונגען באַלדאַך. געפינט אים.

**שפּילער**

(לױפט צו דער טיר) שוראַך פון באַלדאַך (אַנדערע נעמען אױף דעם געשרײ אין דרױסן און ער הערט זיך װי אַן עכאָ. דערװײל קומען אַרײן שוראַך פון באַלדאַך און קאַטי).

**קאַטי**

(בסוד צום עלטסטן) אדעשע קרױן, איך מוז דיר זאָגן, אַז אױף אַלע יידישע טעכטער געזאָגט געװאָרן.

**עלטסטער**

גיב אַכטונג װי דו רעדסט.

**קאַטי**

אַ דאגה דיר — איך בין שױן פאַרליבט.

**באַלדאַך**

אדוני עלטסטער, איך שטײ צו דײן באַפעל.



**עלטסטער**

איך האָב פאַר דיר אַ װיכטיקע שליחות. דו װײסט װאו עס װאױנט דער ייד, מרדכי װײנשטײן? ברענג אים אַהער.

**קאַטי**

(אין אַ פאַרלעגנהײט, הוסט) ה־ם, ה־ם־

**אַנדערע**

(הוסטן אױך). ה־ם, ־ ה־ם ־

**יעדנעראַל**

עס איז עפּעס פאַראַן הײנט אַזאַ מאָדנע זאַך אין דער פּאַגאָדע.

**עלטסטער**

עס איז אַ דעליקאַטנע שטיקל אַרבעט. גאַרטל זיך אונטער און פיר עס אױס.

**באַלדאַך**

אדוני עלטסטער, ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט. (מאַכט אַ מיליטערישן סאַלוט און גײט אַװעק, עס איז שטיל).

**מיניסטער**

אדוני עלטסטער, אױך איך האָב עפּעס צו זאָגן (אַ באַװעגונג צװישן אַלע) איך האָב צו זאָגן, אַז כדי אױסצופירן די אַלע פּלענער, מוז מען האָבן דרײ זאַכן: געלט, געלט און געלט. (מיט כעס) איך מוז דאָס װידער איבערחזרן. אױב איר װעט מאַכן פּאַגראָמען װעל איך קײן געלט ניט געבן. (עס װערט אַ טומל)

**קנאַקער**

װי װאָגט ער עס, דער —

**טראַכטער**

עס איז אַן עזות!

**רײדער**

דרך ארץ, דאַרף ער האָבן, װער איז ער עס.

**מיניסטער**

איך װעל ניט געבן װײל איך װעל ניט האָבן. איך װעל ניט קענען קריגן.

**עלטסטער**

(רואיק) װעגן געלט זאָכן פאַרשטײען מיר גאָר ניט, טוט װאָס איר פאַרשטײט, רײסט שטײערן, באָרגט און באַצאָלט ניט, נאָר געלט זאָל מיר זײן. די פּאַגראָמען װעלן מוזן אָנגײן.

**מיניסטער**

אויב איר וועט אַנגיין מיט אַזאַ מעטאָד, וועט אייער גאַנצע געבײַדע קראַכן.

**טראַכטער**

ער איז קעגן דער רעוואָלוציע!

**ריידער**

פאַררעטער!

**קנאַקער**

טויטן דאַרף מען אים!

**יעדנעראַל**

איך מוז זיך אַנשליסן אָן זײַן מיינונג. אויב איר וועט צעטיילן די באַפעלקערונג אין צוויי לאַגערן און איר וועט שאַפן אַ שטימונג פון האַס אין אויסלאַנד, וועט אונדזער גאַנצע רעוואָלוציע קראַכן נאָך אײדער איר וועט קריגן די גאַנצע מאַכט.

**עלטסטער**

(קלאַפּט מיט דער פויסט אָן טיש) איך — — (עס הערט זיך בלאָזן פון אַ טרומפייט) וועל ניט דערלאָזן.

**קנאַקער**

וואָס איז דאָס? — (אַלע הערן זיך איין).

**יעדנעראַל**

דאָס איז אַ שליח —

**קנאַקער**

אַ שליח פון וועמען? —

**יעדנעראַל**

(אַלע ווײַסן שוין און זײַנען אָנגעלאָדן מיט שרעק פאַר דער וויכטיקייט פון דעם שליח, אָבער די ווילן עס הערן פון אימיצענס מויל און דער יעדנעראַל זאָגט די) — אפשר פון דעם אַלטן אַליין. (פויזע. עס הערט זיך ווידער דאָס בלאָזן פון טרומפייט).

**עלטסטער**

דער אַלטער?

**קנאַקער**

אפשר — — אפשר — — איז ער שוין — — ניטאָ?

**יעדנעראַל**

(דרייט זיך אויס אין כעס) ווער האָט דאָס געזאָגט?



**קנאַקער**

שאַט, שאַט, קאַכט זיך ניט, מען קען גאָר ניט וויסן. (אָן אָנגעצויגענע שטילקייט הערשט. אַלע אַנדערע גייען אַוועק אויף רעכטס, קאַטי קומט אַרויס און שטעלט זיך לעבן איר ברודער וואָס שטייט אויף לינקס. דער שליח קומט אַרײַן.)

**די אַדיוטאַנטן**

(שפּרינגען צו) פון וועמען? פון וועמען?

**עלטסטער**

(שטרענג) אָן אַ זייט. (אַלע טרעטן צוריק)

**דער שליח**

דער אַלטער איז — — — געשטאָרבן. (עס איז שטיל דער קנאַקער הייבט אויף דאָס קול צום ערשטן).

**קנאַקער**

הייל צו גרויסן פירער!

**אַלע**

הייל! הייל! הייל! (פויזע)

**עלטסטער**

עס פילט מיך אָן מיט טרויער, וואָס אונדזער גרויסער, גרעסטער, אַלגרעסטער יעדנעראַל און פירער האָט אונדז פאַרלאָזן אין אַ שווערער צייט. איך פיל זיך געצוואונגען איבערצונעמען די גאַנצע פירערשאַפט אין מײַנע הענט. אויב איר, וואָס זײַט איצט דאָ, וועט זײַן געטריי וועל איך איבערגעבן אויסצופירן מײַן ווילן. קיין אַנדערער ווילן איז דאָ אין לאַנד ניט פאַראַן.

**קנאַקער**

הייל! הייל! הייל! — הייל, אונדזער איינציקן פירער!

**אַלע**

הייל, הייל, הייל!

**קנאַקער**

ווער עס איז מיט אונדזער עלטסטן, דער איז מיט אונדז, און ווער עס וועט זיך שטעלן אַנטקעגן וועלן מיר מיט די קנאַפּל צעטרעטן. איך בין דער ערשטער צו שווערן אייביקע געטריישאַפט צו אונדזער עלטסטן!

**אַלע איבעריקע**

(הייבן אויף די הענט) מיר שווערן! מיר שווערן!

**חלפתא**

(שטעקט אַריין דעם קאָפּ דורך אַ פענצטער) **אין דעם זכות וועט איר אַלע געהאַנגען ווערן.** (פאַרשווינדט. אַלע זײַנען דערשראָקן).

**קנאַקער**

**ווער איז דאָס געווען ?**

**טראַכטער**

עס האָט געקלונגען ווי אַ יידיש קול.

**קנאַקער**

(צום טייטש) גיי געפין אויס פון די וועכטער. (טייטש גייט אַרויס און קומט אַריין צוריק).

**טייטש**

עס איז דאָ קיינער ניט געווען.

**שפּילער**

אפשר אַ געשפּענסט ?

**ריידער**

מען דאַרף מאַכן אַ שטרענגע אונטערזוכונג.

**עלטסטער**

מען דאַרף גאָר ניט. איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא ניט. די וואָס וועלן זיך מירַ אַנטקעגן שטעלן וועל איך מיט מיינע אייגענע הענט דערשיסן. גייט אַלע, דערפילט אייער שליחות. גרייט צו דאָס פאָלק צו מלחמה.

**אַלע**

הייל! הייל! הייל! (זיי גייען אַרויס הינטערווײַלעכטס. פּויזע)

**קאַטי**

איך האָב אַ מאַלצייט פאַר אַ מלך. דו האָסט נאָך היינט אין דיין מויל ניט געהאַט.

**עלטסטער**

ניטאָ מער קיין מלך, איך בין אַלץ.

**קאַטי**

**אַזאַ מזל, אַזאַ מזל —**

(עס ווערט פינצטער שנעל. אין דער פינצטער הערן זיך צווײ קלעפּ מיט אַ האַמער אויף אַ לאָדן, דערנאָך אַ קול.)

**קול**

שטייט אויף צו טאָן עבודת הבורא.



(די סצענע בייט זיך — הויז פון ר׳ מרדכי, ווי אין אָנהייב פון אַקט. עס איז פינצטער נאָר פון דערווייטנס ווייזט זיך אַ ליכט דורך אַ טיר אין אַנדערן צימער. עס איז קיינער ניטאָ אויף דער בינע. ר׳ מרדכי און **אסתר** קומען באַלד אַרויס דערשראָקענע).

**אסתר**

**אַזוי פרי ?**

**ר׳ מרדכי**

**דאָס איז ניט דער שמש.**

**קול**

**שטייט אויף צו טאָן עבודת הבורא !**

**אסתר**

**עס איז חלפתא, איך דערקען זיין קול.**

**ר׳ מרדכי**

**באַלד** (ער מאַכט אויף די טיר, חלפתא קומט אַריין) **דו גאָר !**

**חלפתאָ**

**עס איז שלעכט — דערשרעקט זיך ניט. מאָזעס איז אין ברוינעם קעלער, און דער אַלטער איז —**

**ר׳ מרדכי**

**געשטאָרבן ?**

**חלפתאָ**

**טויט — — אסתר !** (ווי וואַקלט זיך)

**ר׳ מרדכי**

(כאַפּט אָן אסתרן) **אסתרקע שטאַרק זיך.**

**אסתר**

שוין, שוין. עס איז גאָרניט.

**חלפתאָ**

**באַלעבאָס לעבן, הערט זיך צו צום נאַרישן חלפתאָ. אַנטלויפט, באַלע־באָס לעבן, איר מיט אסתרקן.**

**ר׳ מרדכי**

וואָס רעדסטו, זיך ראַטעווען און אַלעמען פאַרלאָזן?

**אסתר**

ער איז גערעכט, פעטער, איר מוזט זיך ראַטעווען, ווייל איך וועלן זיי זיכער זוכן צום ערשטן.

**חלפתאַ**

און דיך אויך אסתרקע, דו מוזט אויך אַוועק אַזוי באַלד ווי מעגלעך.

**אסתר**

מאָזעס איז דאָ און איך זאָל אַוועק פון דאַנען? איך וועל בלייבן מיט דיר, חלפתאָ.

**ר׳ מרדכי**

ביידע רעדט איר ווי קינדער. איר דאַרפט זיך ראַטעווען, אָבער מיין פלאַץ איז דאָ.

**חלפתאָ**

(בעט זיך) באַלעבאָס, אַז איר ווייסט ניט. האָט אויף מיר קיין פאַר־איבל ניט. איר ווייסט ניט, און ווייסט ניט. איר מוזט אַוועק, און יעדע מינוט קען ווערן צו שפּעט. (מען קלאַפּט שטאַרק אין די לאָדן) אָט זיינען זיי — גיך, גיך זאָלן זיי אייך דאָ ניט געפינען.

**אַ קול**

(אין דרויסן) מאַכט אויף אין נאָמען פון אונדזער עלטסטן.

**ר׳ מרדכי**

מען מוז אויפמאַכן.

**חלפתאָ**

וואַרט, וואַרט, מאַכט נאָך ניט אויף, מען דאַרף אַ טראַכט טאָן. געלט! — ניין, זיי ווילן אייך און, אפשר — אסתרן (בעט זיך) גייט באַלע־באָס לעבן, גייט, פאָלגט אַ משרת אַ שוטה — וואַרט דאָ, איך וועל געבן אַ קוק צי מען קען אַרויסגיין פון דער הינטער־טיר. (גייט אַוועק און קומט באַלד צוריק) אַרומגערינגלט אַרום און אַרום.

**ר׳ מרדכי**

מען מוז אויפמאַכן.

**חלפתאָ**

לאָזט מיך. כאָטש דו, אסתרקע, גיי באַהאַלט זיך.

**ר׳ מרדכי**

גיי, גייט. — (אסתר גייט אַוועק אינעווייניק)



**חלפתאָ**

ווער איז דאָרט?

**דאָס קול**

מאַכט אויף, אויב ניט ברעכן מיר די לאָדן.

**חלפתאָ**

מיך וועלן זיי ניט זוכן — גערעכט — כאָטש איך וועל בלייבן. איך מוז בלייבן. (אַנטשלאָסן) איר, באַלעבאָס, מאַכט אויף די טיר, איך וועל זיך באַהאַלטן. (גייט אַוועק אין הינטערגרונט, דאָס קלאַפּן ווערט שטאַרקער).

**ר׳ מרדכי**

איין מינוט, אָט עפן איך. (ער מאַכט אויף די טיר און עס קומען אַריין שוראַך פון באַלדאַך מיט צוויי טייטשן).

**טייטש**

אָט דאָס איז ער.

**ר׳ מרדכי**

איך בין מרדכי וויינשטיין, אַ פרידלעכער בירגער, אַ קינדערלאָזער אלמן, און געטריי דער מלוכה.

**באַלדאַך**

קום מיט אונדז.

**ר׳ מרדכי**

מיט וואָס פאַר אַ רעכט ווילסטו מיך אַוועקנעמען פון מיין היים אינמיטן דער נאַכט?

**טייטש**

קאשיות וועסט פרעגן, דו ייד, אָט מיט דעם רעכט. (ער הייבט אויף די בייטש און וויל ר׳ מרדכין דערלאַנגען. אסתר שפּרינגט אַרויס פון דער טיר און כאַפּט אָן זיין האַנט).

**אסתר**

ניטע!

**באַלדאַך**

(איז דערשטוינט פון איר שיינקייט) אַה, — ווער איז דאָס? דו האָסט דאָך געזאָגט אַז דו ביסט קינדערלאָז?

**ר׳ מרדכי**

דאָס איז מיינע אַ פלימעניצע, אַן אָרעמע יתומה.

**באַלדאַך**

אָזוי — אייער פּלימעניצע ? (פֿאַרנייגט זיך פֿאַר אסתרן) איך וועל אייך פֿאַרזיכערן, פֿריילין, אַז אייער אָנקל וועט קיין שום שלעכטס ניט גע־שען. מיר מוזן אים פֿאַרנעמען פֿאַר זיין אייגענער טובה וועגן. מיר וועלן אים אויסהיטן אויף דעם בעסטן אופֿן, און לאַנג וועלן מיר אים סיווי ניט האַלטן.

**אסתר**

אַז אונדז טשעפּעט קיינער ניט.

**באַלדאַך**

עס איז דער באַפֿעל און איך בין אַ סאָלדאַט אין דער גרויסער רעוואָ־לוציע.

**ר׳ מרדכי**

טענות וועלן ניט העלפֿן, אסתר, איך וועל גיין און דער אייבערשטער וועט מיך באַהיטן.

**באַלדאַך**

עס איז מיר זייער לייד, וואונדערלעכעס פֿריילין, אַז איך מוז אייך פֿאַר־שאַפֿן שמערצן, אָבער פֿליכט איז פֿליכט. (אין דער שטיל צו אסתרן) מיין נאָמען איז שוראַך פֿון באַלדאַך. איך וויל אייך זען. אַדיע.

**אסתר**

איך פֿאַרלאָז זיך אויף אייך, יונגער הער, אַז עס זאָל מיין אָנקל קיין בייז ניט געשען.

**טייטש**

אפשר וואָלטן מיר זי אויך פֿאַרנומען.

**באַלדאַך**

(שטרענג) ווער איז דאָ דער קאָמענדאַנט ? — פֿאָרווערטס מאַרש !

**אסתר**

אָנקל ! (פֿאַלט אים אויפֿן האַלדז)

**ר׳ מרדכי**

שרעק זיך ניט, מיין קינד, האָב בטחון אין גאָט, ער וועט אונדז באַ־היטן. (באַלדאַך, די טייטשן, מרדכי גייען אַרויס).

**אסתר**

(פֿאַלט אַוועק אויף אַ שטול און וויינט מיט ביטערע טרערן. חלפֿתא קומט אַרויס)



**חלפֿתא**

אָט האָסטו, דאַרפֿסטו זיך איצט נעמען וויינען. מען דאַרף דאָך עפּעס נעמען טאָן.

**אסתר**

וואָס קען איך טאָן, אַן אָרעמע יתומה, איינע אַליין ?

**חלפֿתא**

וואָס הייסט וואָס דו קענסט טאָן. מען דאַרף באַפֿרייען מאָזעסן.

**אסתר**

מאָזעסן ?

**חלפֿתא**

(טיף פֿאַרזונקען אין טראַכטעניש) דווקא מאָזעסן.

**אסתר**

אָבער ווי אַזוי ?

**חלפֿתא**

הער זשע, אסתר, זעסט דעם יאָלד, דעם דייטשוק, ער וועט אונדז העלפֿן. הער זשע נאָכאַמאָל. ער וועט צוריקקומען. איך זאָג דיר אַז ער וועט צוריקקומען און דווקא צוליב דיר, ימח שמו, נאָר דיך זאָל עס ניט אַרן. דו געפֿינען אויס פֿון אים אַלץ וואָס מיר דאַפֿן וויסן וועגן מאָזעסעס תפיסה, און מען וועט אים מוזן באַפֿרייען. דו ווייסט ניט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. למשל, דעם באַלעבאָס וועלן זיי אַרויסלאָזן, אָבער מאָזעסן וועלן זיי האַלטן. און מיר מוזן אים האָבן דאָ. מאָזעס מוז ווייטער גיין אויף זיין נסיעה קיין אויסלאַנד צו אונדזערע ברידער. נאָר אונדזערע ברידער אין אויסלאַנד קענען אונדז העלפֿן.

**אסתר**

חלפֿתא, איך ווייס ניט וואָס דו ווילסט טאָן, נאָר איך האָב מורא, אַז דו פֿאַרנעמסט זיך אויף אַ שלעכטן וועג.

**חלפֿתא**

(בעט זיך ביי איר) זאָג עס ניט, אסתרקע, זעסט דען ניט וואָס איך וויל. איך וועל באַפֿרייען מאָזעסן. איז דאָס אַ שלעכטע זאַך ? און מיר מוזן דאָך אים האָבן. כלל ישראל דאַרף אים האָבן. איך ווייס דו גלייבסט מיר ניט, ווייל ווער בין איך דען ? חלפֿתא דער שוטה, אָבער מען מוז אים האָבן. בין איך אַ נאַר, אָבער באַפֿרייען מוז מען אים. (פּויזע)

**אסתר**

איך פֿאַרשטיי, חלפתא, איך פֿאַרלאָז זיך אויף דיר.

**חלפתא**

ניט אויף מיר, חלילה, אויף גאָט, אויף גאָט. איך בין גאָרניט, טאַקע לחלוטין גאָרניט, גאָט איז — איצט גיי שלאָפֿן. איך וועל אויך גיין אין מיין חדר.

**אסתר**

איך וועל טאָן וואָס דו וועסט מיר הייסן. אַ גוטע נאַכט.

**חלפתא**

חלילה, חלילה, אַז דאָס וויל איך גאָרניט. איך וויל נאָר — נו, מילא. אַ גוטע נאַכט. און דריי זיך ניט לאַנג. (ער גייט אַוועק).

**אסתר**

אַ גוטע נאַכט, חלפתא. (מען הערט אַ פֿאַרזיכטיקן קלאַפּן אין דער טיר. אסתר איז דערשראָקן און אין פֿאַרלעגנהייט. חלפתא קומט צוריק).

**חלפתא**

שרעק זיך ניט, אסתרקע, דאָס איז ער, דער יאָלד, איך וועל דאָ זיין ניט ווייט, און דו עפֿן אים אויף.

**אסתר**

אַזוי שפּעט ביינאַכט ?

**חלפתא**

מאַכט ניט, מאַכט ניט(ער גייט צוריק).

**אסתר**

(ביי דער טיר) ווער איז עס ?

**באלדאך**

(פֿונדרויסן) איך בין עס, איך קום ווי אַ פֿריינט.

**אסתר**

עס איז שפּעט איצט און איך בין איינע אַליין אין הויז.

**באלדאך**

עס איז זייער וויכטיק, דאָס בין איך, באלדאך.

**אסתר**

איך וועל עפֿענען, אָבער נאָר פֿאַר איין מינוט. איר וועט דערנאָך מוזן באַלד אַוועקגיין. (זי מאַכט אויף, בלאַדאך קומט אַריין, פֿאַלט אויף די קני).



**באלדאך**

אָ, קרוין פֿון אַלע זונען, ווי דאַנק איך אייך !

**אסתר**

שטייט אויף, עס פּאַסט ניט ; איך בין נאָר אַ פּראָסט יידיש מיידל.

**באלדאך**

דאָ, ביי אייערע פֿיס, מוז איך זיך מודה זיין, אַז מיין האַרץ איז טיף פֿאַרוואונדעט פֿון אַ פֿייערדיקער ליבע, פֿאַר אייך, איר גרויסאַרטיקע בלום פֿון מזרח ! איך ווער פֿאַרברענט פֿון דעם פֿייערדיקסטן פֿייער פֿון ליבע.

**אסתר**

דענקט איר ניט, אַז עס איז דאָ אַ געפֿאַר פֿאַר אייך מען זאָל אייך זען ביי אַ יידן אין הויז. איר, וואָס איר זייט איינגעטונקען אין גאַלע אַדל ?

**באלדאך**

מיין לעבן איז סיווי גאָרניט ווערט אָן אייך. אויב איר ווילט מיך ניט, וועל איך זיך וואַרפֿן אונטער די פֿערד פֿון אייער קאַרעטע.

**אסתר**

ווי קומט צו מיר אַ קאַרעטע. אָבער אויב איך בין אייך טאַקע אַזוי טייער, אפשר וואָלט איר געהאָלפֿן מיין פֿעטער און נאָך אַ יונגן מאַן, וואָס געפֿינט זיך אין ברוינעם הויז.

**באלדאך**

(שפּרינגט אויף) אַ יונגן מאַן זאָגט איר ? ווער איז ער ?

**אסתר**

אָ, ער איז אַ ווייטער באַקאַנטער, אָבער איך וואָלט אים וועלן העלפֿן. געפֿינט אויס פֿאַר מיר וואו ער געפֿינט זיך.

**באלדאך**

ווי קענט איר זיין אַזוי גרויזאַם און רידן צו מיר וועגן אַזעלכע קליי־ניקייטן אין דער צייט ווען איך ווער ממש פֿאַרברענט פֿון ליבע צו אייך.

**אסתר**

איר וואָלט דאָך ניט וועלן אַז איך זאָל זיך באַלד וואַרפֿן צו אייערע פֿיס ווי איינע פֿון יענע פֿרויען וואָס זיינען גרייט פֿאַר אַלע מענער. גיט מיר צייט נאָכצודענקען.

**באלדאך**

אַ, ווי קענט איר ריידן פון צייט! נאָר איר זאָגט צייט, זאָל שוין זיין צייט, צייט, ביז ווען?

**אסתר**

כאָטש ביז מאָרגן.

**באלדאך**

אַ, דו ליכטיקער שטערן פון מיין לעבן. ווי גליקלעך בין איך! (וויל כאַפּן איר האַנט קושן, אָבער אסתר לאָזט ניט)

**אסתר**

אַלץ מאָרגן, ווען איר וועט מיר לאָזן וויסן אַלץ וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך. איצט גייט וואָס גיכער, מען קען אייך נאָך זען.

**טייטש**

אָבער וואו וועל איך דיך טרעפן, געליבטע?

**אסתר**

וואו? — דאָ אונטן, אין שטאָטישן גאָרטן.

**באלדאך**

ווי וועל איך דאָס קענען אויסהאַלטן ביז מאָרגן! אָבער דערווייל, אַדיע! מיין געליבטע, אַדיע! (וואַרפט איר אַ קוש און גייט אַרויס).

**אסתר**

(קען שוין ניט אַריבערטראָגן, ברעכט צוזאַמען און כליפּעט. חלפתא קומט אַיירן, ער לייגט אַרויף זיין האַנט אויף איר קאָפּ).

**חלפתא**

איצט גיי שלאָפן און דיין האַרץ מעג זיין אַ ביסל גרינגער. דער אייבערשטער וועט העלפן. (אסתר באַרואיקט זיך) מען דאַרף נאָכאַמאָל אַ קוק געבן אויפן טיר און פענצטער (קוקט אַרום) אַ גוטע נאַכט, אסתרקע.

**אסתר**

(ווישט זיך די אויגן) עס איז שוין באַלד מאָרגן.

**חלפתא**

נו, זאָל שוין זיין אַ גוטער תמיד.

(זיי גייען אַוועק אין פאַרשידענע זייטן אין די אינעווייניקסטע צימערן. עס ווערט פינצטער אויף דער בינע. איצטער גייט שוין טאַקע דער ריכטיקער שול־קלאַפּער. ער דערלאַנגט צוויי קלעפּ אין די לאָדן.. עס הערט זיך זיין קול. . . . שטייט אויף צו טאָן עבודת הבורא!)

פ אָ ר ה אַ נ ג



# צווייטער אַקט

(עס איז ביינאַכט. אַ גראָבער טייטש זיצט פאַר דער תפיסה, אין וועלכער עס זיצט ר׳ מרדכי וויינשטיין הינטער גראַטעס. די לבנה שיינט אויף ר׳ מרדכין בשעת ער זיצט און זינגט אַ תפילה. זיין געזאַנג איז נאָר אַ ביסל מער מעלאַדיש ווי דער געזאַנג פון אַ תחינה).

**ר׳ מרדכי**

רבונו של עולם! איך וויל צו דיר אַ תפילה זאָגן,
איך קום צו דיר אויף אונדזער מזל זיך באַקלאָגן,
ווי קענסטו דאָרט אין הימל צוזען
וואָס מיט דיין פאָלק ישראל איז געשען?
ווי קענסטו צוזען ווי אַ המן שאַלט און וואַלט
און פאַרצוקט דיין פאָלק ישראל ווי אַ שאָף אין וואַלד?
דיין הייליקע תורה ווערט פון ערלים באַפלעקט,
און אונדזער לייב איז, ווי איובס מיט מכות באַדעקט.
אוי, וויי איז צו מיר! אוי, וויי איז צו מיר!
ווי לאַנג, גאָטעניו, איז דען דער שיעור?
ווען דו זעסט אַז אויף אונדז קומען אַזוינע סכנות
און דו האָסט אויף אונדז נאָך אַלץ קיין רחמנות.
גרויסער גאָט, זיי אונדז שוין מוחל אַצינד
און שטראָף שוין ניט מער פאַר אונדזערע גרויסע זינד.
עפן אויף די שערי רחמים פאַר אונדזער געבעט און געוויין
אַז זיי זאָלן שוין אַמאָל צום כסא הכבוד דערגיין.
אין זכות פון אונדזערע אבות, די צדיקים,
פאַרטיליק שוין די המנס, די שרעקלעכע מזיקים.
און זאָל שוין קומען אַ ישועה אויף דיין פאָלק ישראל,
זיי זאָלן ווערן דיינע געליבטע קינדער, ווי געווען איז אַמאָל,
אַ מפלה זאָל קומען אויף אַלע אונדזערע פיינט,

װאָס פּלאָגן דײַנע קינדער אָן רחמנות דאָ הײַנט.
כּן יהי רצון, אָמן ואָמן.

(פון דער װײַטנס הערט זיך אַ קול שרײַען: „װאַך אַרױס!" דער טײַטש װאָס האַלט די װאַך, כאַפּט זיך אױף פון שלאָף אַ דערשראָקענער, עס קומט אָן אָפיצער צו אונטערזוכן די װאַך).

**אָפיציר**

װי איז די װאַך?

**טײַטש**

(סאַלוטירט) די װאַך איז אין דער בעסטער אָרדענונג. (מען סאַלוטירט זיך און דער אָפיצער גײט אַװעק. דער טײַטש זעצט זיך װידער אַװעק און װערט אַנטשלאָפן. פון װײַטנס דערהערט זיך װידער דאָס קול „װאַך אַרױס!")

(עס בײַט זיך די סצענע: די שטוב פון הױפּט עלטסטן).

(דער הױפּט־עלטסטער זיצט בײַ אַ גרױסן שרײַב־טיש אין אַ האַלבן צירקל אַרום שטײען אױסגעשטעלט דער הױפּט־טראַכטער, דער הױפּט־קנאַקער דער רעדנער, דער הױפּט־יעדנעראַל! צװײ יעדנעראַל אַדיו־טאַנטן. צװײ הױכע אָפיצערן פון ים, דער מיניסטער, צװײ ברױנע יעדנעראַלן, שוראַך פון באַלדאַך).

**יעדנעראַל**

די אַרמײ װעט זײַן גרײט.

**קנאַקער**

די פּאַגראַמען װאַקסן און װאַקסן.

**יעדנעראַל**

אָבער, אדוני עלטסטער —

**עלטסטער**

איצט װיל איך גאָרניט הערן.

**מיניסטער**

עס איז װיכטיק פאַר די פינאַנצן אַז די פּאַגראַמען זאָלן אױפהערן.

**עלטסטער**

װאָס זאָגן מײַנע ברױנע יעדנעראַלן?

**ברױנער יעדנעראַל**

װי אַלע מאָל, זײַנען מיר איצטערט אױך גרײט.



**רײדער**

אדוני עלטסטער, (ליגט אים אַ האַנט אױף דער פּלײצע) איך האָב שױן מיט זײ אָפּגערעדט, אַז מען זאָל צושטעלן אַן אַרמײ פאַר דער ריזיקסטער דעמאָנסטראַציע װאָס די װעלט האָט װען געזען.

**קנאַקער**

(נעמט אַראָפּ דעם אַנדערנס האַנט). מען האָט שױן געהערט.

**רײדער**

און איך װעל האַלטן די גרעסטע רעדע.

**קנאַקער**

מוחל, מוחל —

**רײדער**

איך פּראָטעסטיר!

**עלטסטער**

אַן אַנדערש מאָל.

**מיניסטער**

מיט גרױס װײטיק אין האַרצן מוז איך נעמען דאָס װאָרט, איך מוז זיך מודה זײַן, אַז דער קאַסע־קאַסטן װערט פון טאָג צו טאָג לײדיקער. צוליב די פּאַגראַמען איז אָפּגעשטאָרבן אונדזער האַנדל.

**קנאַקער**

איך פּראָטעסטיר! אונדזער פאָלק מוז האָבן פּאַגראַמען, זאָלן זײ צאָלן דערפאַר.

**מיניסטער**

דאָס פאָלק האָט ניט.

**עלטסטער**

(אין כעס) איר זײַט קײן מיניסטער ניט! (פּױזע) די פּאַגראַמען מוזן אָנגײן.

**יעדנעראַל**

איך מוז מיך שױן אײַך אָנרופן. איך זאָג, אַז די ייִדן מיט זײער קלוג־שאַפט קענען װערן די גרעסטע הילף פאַר אַ מלחמה אָדער דער גרעס־טער שאָדן.

**גרױסער טראַכטער**

(פון דער טיפעניש פון זײַן חכמה) עס איז פאַלש, אַז פּראָגראַמען שאַטן אונדזער פאָלק. אונדזער פאָלק מוז האָבן בלוט. אָבער נאָך פאַלשער

איז, ווען מען זאָגט אַז די יידן זיינען קליגער פון אונדז. איך פּראָטעסטיר!

**עלטסטער**

לעבט נאָך דער יונגער מאַזעס?

**ריידער**

צווי טעג ליגט ביי מיר די דערקלערונג, אַז ער האָט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד און ער לעבט נאָך אַלץ.

**עלטסטער**

איך וויל זען דעם יידן.

**קנאַקער**

(פאַרשטעלט זיך דאָס מויל מיט אַ דלאָניע און שטעלט דעם ריידער אַרויס אַ צונג). וואָס ווועסטו איצט זאָגן?

**עלטסטער**

(צו שוראַך, גאָר פריינטלעך) און איר, מיין ליבער יונגערמאַן, וואָס האָט איר צו זאָגן?

**באַלדאַך**

איך — — וויים -- — איך פאַרטרעט די יוגנט.

**עלטסטער**

פיין — פיין —

**קנאַקער**

דער לאַשיק איז פאַרליבט.

**יעדנעראַל**

עס איז אַ מאַיאָופע לאַשיק, אָבער לאַנג וועט ער שוין ניט לאַשעווען.

**עלטסטער**

איר מעגט אַלע גיין. איך וויל זען דעם יידן מאַזעס. (אַלע גייען אַרויס הינטערוויליכס, עס בלייבט דער עלטסטער אַליין. ער פּרובירט אויס פאַרשידענע פאָזעס פאַר אַ שפּיגל, אָבער אין אַלע זעט ער אויס קאָמיש).

**טיימש**

(שרייט אַריין) דער ייד מאַזעס! (מאַזעס קומט אַריין, דער עלטסטער מאַכט זיך ניט זעענדיק און לאָזט מאַזעסן וואַרטן)

**מאַזעס**

צו וואָס האָסטו מיך געבראַכט אַהער?

**עלטסטער**

ייד, פאַרוואָס וואַרטסטו ניט ביז איך רייד צו דיר? (פויזע) איך וויל



תערן חכמות פליסן פון דיין מויל, ביסט אַ חכם דאָך, הער איך, ביי די יידן.

**מאַזעס**

וואָס דאַרפסטו חכמה, האָסט דאָך דערווייל נאָך מאַכט.

**עלטסטער**

צייל די ווערטער, ייד! וואָס הייסט ביי דיר דערווייל?

**מאַזעס**

איך צייל, איינציקווייס און האָף אַז יעדער וואָרט וועט טרעפן אין ציל.

**עלטסטער**

וואָס איז דאָס, עזות, מוט, אָדער אפשר נאַרישקייט?
מאַכט האַלט מען, ייד, און האַלטן טוט מען זי מיט מאַכט —
מיר וועלן האַלטן זי אויף אייביק.

**מאַזעס**

אייביק איז נאָר געדאַנק — נאָר איין געדאַנק.
דער געדאַנק וואָס אייביק איז גייט פאַראויס און ברעכט און בויט.

**עלטסטער**

מיר ברעכן און מיר וועלן בויען אויף אונדזער אייגענעם שטייגער.

**מאַזעס**

אָבער פעלקער לעבן ניט אַן איין און איינציק מאָל,
זיי ליגן אין דעם שטראָם פון צייט
און האַלטן אַלץ אַן אין זייער מהות.

**עלטסטער**

און וואָס דענקסטו זאָמלט איצט די צייט פאַר אונדז
דו, חכם פון דער געטאָ?

**מאַזעס**

עס הענגט אָפּ פון דער השגה. איז עס אפשר קלאָרקייט אינעם אופן פון וועלט־באַנעם,
אָדער, אפשר ליבע פון דעם שכן צו זיין מין?
קען זיין, אויב יאָ, וואַקסט אַן אוצר וואו פון ליבע,
און ווען די נויט וועט פרעסן אייך אַמאָל און הונגערן די נשמה
פון חרטה און איינזאַמקייט,
וועלן וואַקסן דאָרט נייע שפּראָצן,
זאַפטיק, פריש און גרין מיט האָפענונג,
יאָוועו וועט אַ האַנט זיך פון דעם ערגעץ —

דאָ אַ האַנט, דאָרט אַ האַרץ וואָס ברענגען טרייסט
וועט בליען אויף ישועה אַפילו דאָרט
וואו מ'האָט קיינמאָל ניט פאַרזייט.
ווייל עס פירט די צייט איר חשבון ניט
מיט קמצנות ווי אַ סוחר:

**עלטסטער**

דאָס איז דעם שוואַכנס זיין פון רעכט —
דער שטאַרקער גייט און נעמט לויט וויל, ניט לויט נויט,
און וואו ער טרעט ווערט די ערד פאַרברענט.

**מאַזעס**

איר, די שטאַרקע!
ווייסטו, וואָס איר זאַמלט אין דעם שטראָם פון צייט?
פינצטערניש און נאַכט, פאַרגליווערט בלוט און פאַרשטאַרטע טרערן,
עלנד, שנאה, נויט —
ביינער וואָס לאָזן די ערד ניט רוען.
יעדן טאָג אַ ביסל שרעק, אַ טראָפּן האַס.
אַ האַרץ פאַרקלעמט אין אַנגסט פון טויט.
אַ לאַך, אַ שטומער אויף יענעמס לייד,
אַ ריס נשמה, אַ טרעט אַ האַרץ,
ימען שנאה, שטראָמען האַס און פרעמדע ליידן
הייבט די ערד אָן צו אייטערן, פוילן,
ביז געשטאַנק פילט אָן די וועלט
און עס שטייגט דער ריח צום הימל
און פאַלט צוריק אין שווערע טראָפּנס
סמאָלע, רעגן, פעך און שוועבל
און שטורעמט און ברענט, צעשטערט און ברעכט,
פגרים הויפנס, רעכטס און לינקס —

**עלטסטער**

הער אויף צו שילטן, ייד פאַרדאַמטער!
ס'לעבן דיינס איז אין געפאַר — (פויזע, רואיקער)
ליבע — האַס — אייערע ווערטער,
איר, וואָס וואַלגערט זיך דורך צייטן,
מיט „ברודער" אויף די ליפּן, וואָס האָבן זיי אייך געבראַכט?



**מאַזעס**

(מיט גרויס ווירדע און רואיקייט)
ליבע איז ווי טוי, וואָס פאַלט אין שטילקייט פון דער נאַכט
און באַפרוכפּערט און באַזאַפט און באַרייכערט און דערפרישט
און מאַכט גרינע פרישע מזל־ברכה וואַקסן —
— — — — — — — — — — — — — — —
אין די שפּורן פון אונדזערע טריט איז ברכה אויפגעגאַנגען,
קוק אַרויס דורך דיינע פענצטער אויף דיין שטאָט
און פּרואוו, טייל אויס —
טייל אויס דאָרט וואו דאָס לעבן גליט,
וואו אין דעם גייענדיקן טאָג קליינע פריידן טליען אויף
און זאַמלען זיך און ווערן שטראָם,
אַ שטראָם וואָס טראָגט באַשיידענע פרייד פון מענטש צו מענטש,
פון פאָלק צו פאָלק, פון דור צו דור,
פון וועלט צו וועלט —
טייל אויס דערפון די שפּור פון אונדזער מי
און זע וואָס בלייבן וועט דערנאָך
דאָרטן אויך דו נעם און טייל,
דאָרט, וואו דער מאַנגל הערשט.
טייל אויס דעם גלויבן אין אייביקן גערעכט,
טייל אויס די האָפענונג אויף אַ לעבן דאָ,
און אויב ניט דאָ, איז כאָטש דאָרט —
טייל אויס דעם שיין וואָס גליט נאָך אין אָן אויג
ווען די לעצטע האָפענונג איז אַוועק —
און זע וואָס וועט בלייבן דיר דערנאָך —
שפּרייז די גרענעצן און ימען, דאָרטן וואו
ס'עכאָט נאָך דער קלאַנג פון דייטשיש וואָרט,
טייל אויס דערפון אונדזער מילדן בליק,
אונדזער פיינעם קרעכץ
איבער נישטיקייט פון וועלן, איבער זיכערקייט פון טויט.
נאָכדעם זע וואָס וועט בלייבן נאָך דערפון.

**עלטסטער**

אָבער ווער וויל דאָס אייער ברכה, אייער ליכט?
אייער פאַלשע גוטסקייט האָט זיך איינגעפרעסן

אין אונדזער לייב ווי אַ פוילער וואָרעם.
מיר האָסן איך —
די צעשטערערס פון דער גרויסקייט אין פאָלק.
איר צעדריבלט גאָר אַ פאָלק און מאַכט פון אים
אַ געמייזאַכטס פון יחידים.
איר האָט צעקרענקט די נשמה פון אונדזער פאָלק.

**מאָזעס**

(אין כעס, קען זיך קוים איינהאַלטן)
פאָלק, פאָלק, — דו רעדסט פון פאָלק
ווי ס׳וואָלט ס׳פאָלק געווען, אַ רייף דערוואָקסן פאָלק,
וואָס ווייסט דיין פאָלק פון רייפע מענטשלעכקייטן,
פשוט פראָסטע אמתן, וואָס קומען, גייען
אין אַ לאָגישן כסדר?
וואָס ווייסט דיין פאָלק פון פראָסטער פרייד אַפילו?
וואָס ווייסט דיין פאָלק פון ליידן מיט מיט אַנדערע?
עס ווייסט דיין פאָלק אַפילו ניט
ווי ס׳שטייט אַ נאַקעטער פוס אויף רויער ערד,
עס לעבט דיין פאָלק אין משונה אויסגעטראַכטע וועלטן,
אין אַ וויסטער לאָגיקע,
וואו דער פונדאַמענט העננט צוגעקניפט דאַך,
עס פעלט דער פשוטער כוח דיין פאָלק,
וואָס פירט אַ מענטש אויף גלייכן וועג.
ס׳איז בלינד דיין פאָלק מיט בילמעס אויף די אויגן,
און קען נאָר זען אַ פעטיש, אַ קאָלירטע שמאַטע,
און, בלינדערהייט, איז מקריב זיך און מקריב אַלץ
מיט אַ נאַרישן און אומזיסטן טויט.

**עלטסטער**

(מיט כעס)
דו רעדסט צופיל, דו לויז ציניקער ייד!
אויב טויט, קען ער דיך נאָך טרעפן.

**מאָזעס**

איך ווייס, און ווייס
אַז טרעפן וועט ער מיך פון אייערע הענט,
פון אייערע בלוט־באַפלעקטע הענט,



ווייל וואָס ווייסט דיין פאָלק
פון לעבעדיקע אמתן וואָס בייגן זיך מיט אַ שמייכל
צו די שוואַכקייטן פון דעם מין?
זיי וויסן נאָר פון אייזערנע אמתן וואָס הערשן,
פון אמתן וואָס דינען ווייסטו ניט און ניט דיין פאָלק.

**עלטסטער**

(פאַרטרוימט)
ריין איז די נשמה פון מיין פאָלק, פול מיט אומשולד,
אַן אמת מוז אַן אמת זיין.

**מאָזעס**

אומשולד רופסטו דאָס?
ווי רעדסטו פון אומשולד ביי אַ פאָלק,
וואָס האָט שוין טויזנט יאָרן אָפגעלעבט און מער
אין האַס און בלוט, פאַר זיך און אַנדערע, און קען נאָך אַלץ
ניט וויסן וואו דער גרענעץ איז ביי ווערטן,
און קען נאָך אַלץ ניט וויסן וואו און ווען
ס׳געגנט זיך דאָס מענטשלעכע מיט דעם מענטשן,
עס איז טפשות נאָר, ער לאָזט אַ חלל נאָר
אין באַוואוסטזיין און אַ פינצטערניש,
וואו עס שווימלען נאָר ברוטאַליטעטן,
ווי אומגעציפער אין אַ ליידיק הויז,
האָסט אַ פאָלק פון שוטים, פון ברוטאַלע שוטים.

**עלטסטער**

(שפרינגט אויף און שרייט)
טויט דיר ייד! רייס אַרויס ביי אים דעם צונג!
(עס לויפן אַריין צוויי טייטשן און דער קנאַקער מיט אַ געצויגענער שווערד אין האַנט. די צוויי טייטשן כאַפן אָן מאָזעסן).

**קנאַקער**

זאָל איך אים טויטן דאָ אויפן אָרט, גרויסער פירער? (פויזע)

**טייטש**

זאָל איך אים אַוועקפירן?

**עלטסטער**

לאָזט אים דאָ — דערווייל, און לאָזט אונדז דאָ אַליין.
(די גייען אַרויס)

**מאַזעס**

איך האָב צו דאַנקען דיר פאַר מיין לעבן, (פאַרנייגט זיך)
דאָס הייסט — דערווייל.

**עלטסטער**

(גייט אַרום אויף דער בינע און באַרואיקט זיך)
און דו וואָגסט נאָך רופן זיך אַן אונדזערער,
זאָגסט, דו ביסט אַ טייטש.

**מאַזעס**

ווייל אין יידישקייט ליגט אַלץ באַגראָבן שוין
ערגעץ אין זכרון.
איך בין אַלץ און ממילא שוין אַ טייטש.
ווייל וואָס ניט זיין הייסט אַלץ לסוף נאָר זיין אַ ייד.
דערפאַר ווען דייטשישע זונען שיינען, בליט פרייד אין מיר
מיט אַלע זיבן חנען פון לויטערער יידישקייט.
ווייל אין דער צוקונפט וואו וואַרטן מיר אויף אייך.

**עלטסטער**

די דאָפּל־פּעלקישקייט איז אַ שווינדל
אַ שלויקייט, אויסגעטראַכט פון יידן.

**מאַזעס**

איר זייט פעלקיש מאנאגאם,
דערפאַר פאַרגעסט איר גרינג גאָר שטאָם און פאָלק
אין משך פון אַ דור, ווען דער צופאַל
פאַרוואַלגערט אייך וואו אין דער פרעמד,
ווי קען מיין שטאָם און פאָלק פאַרגעסן,
עס איז דאָך בלוט פון בלוט, פון ביין, פון פלייש?
און ווידער בין איך פאַרט ניט מער ווי מענטש
דאָ געבוירן, דאָ געעפנט מיינע אויגן.
דייטשישע ליכט האָט מיך געלערנט זען,
דייטשישע לופט האָט מיינע לונגען אָנגעפילט,
דייטשישער קלאַנג האָט צו הערן מיך געלערנט,
אַזוי פאַר דורות, דורות, דורות —
ווי קען איך מקריב זיין אַ פאָלק צוליב אַ פאָלק?



**עלטסטער**

עס איז דיין גלויבן, אַלזאָ, אַז אויך מיר
וועלן אין דער צוקונפט אַנדערש ווערן.

**מאַזעס**

איר וועט דאָך אייביק ניט בלייבן איינגעשפּאַרט
אין דער תפיסה פון יחידות,
איר וועט דאָך ווען ניט איז דאָס אייז צעברעכן,
וועט איר דעמאָלט אויך צעשטערן אַנדערע תפיסות:
די ווענט וואָס צאַמען איין הנאה,
הנאה פון דעם שוואַכן יחיד,
שוואַך, און פריי און שטאַרק נאָר אין דעם כלל;
הנאה פון שטיין מחוץ זיך אַליין,
ווייל נאָר דעמאָלט קען מען פילן
דעם תמצית פון דער וועלט און נישטיקייט פון יחיד;
הנאה פון דער וויכטיקייט פון יחיד אַחוץ פון כלל
און נישטיקייט פון דרויסנדיקער פאָרם,
און נישטיקייט פון קליין און גרויס,
ווייל תמצית איז ניט קליין און איז ניט גרויס
און פילט אויס דעם יחיד און דעם כלל
און לאָזט קיין חלל ניט אין „גרויס” און ניט אין „קליין”
און איבער אַלץ שוועבט אַ שטילע פרייד פון זיין־מיט־לעבן;
אַזוי שטעלן מיר זיך פאָר דעם אחרית הימים.

**עלטסטער**

און וואָס וועט פון מיר ווערן אין יענע צייטן?

**מאַזעס**

דו און דיינס גלייכן וועלן פאַרגעסן ווערן.

**עלטסטער**

איך וועל פאַרגעסן ווערן, איך?
האָט ווען נאָך אַזוי אין אַלע צייטן מיין פאָלק דערפילט?
שטייען שוין ניט היינט מיינע מעכטיקע מאָנומענטן?
מאָנומענטן פון טיפן וויסנזיין פון פאָלק אַלס פאָלק?

**מאַזעס**

נאָר מענטשן וואָס בויען מיט עניוות בלייבן לעבן.
ביסט ניט מער ווי אַ פרינציפּ.

**עלטסטער**

פון פאַרצווייפלונג האָב איך זיי צו שטאָלץ אַרויסגעשלעפּט.
וואָס טוט דען ניט אַ פאָלק פאַר זיינע העלדן!

**מאָזעס**

דיין פאָלק? — עס פאַרקויפט זיי.
געדענק נאָר אַבדרעאס האָפער,
זיי וועלן פאַרקויפן דיך פאַר געמיטלעכקייט און ביר
און פרישער לעבער־וואורשט,
און אפשר אויך פאַר פרידן און באַפרייאונג,
און פאַר פלייס און ערלעכקייט און — שטילע שכנים;
און פאַר גוטע ביכער, פיין געבונדן;
און פאַר קלוגע זאַכן, וואָס מאַכן אַנדערע זאַכן;
פאַר אַ טיר צו דער וועלט און חברשאַפט מיט מענטשן,
און פאַר אַ שיינער סענטימענטאַליטעט —

**עלטסטער**

און וואָס וועט ווערן פון די מאָנומענטן וואָס מען וועט מיר שטעלן?

**מאָזעס**

זיי וועלן אומגעוואָרפן ווערן, די ערד פאַראַקערט,
און פרישע גראָזן וועלן וואַקסן אויף דעם פלאַץ.

**עלטסטער**

און די געשיכטע?

**מאָזעס**

אַ האַלבן עמוד וועסטו קריגן,
אַ האַלבן עמוד און גאַנצע ביכער,
ביבליאָטעקן, וועגן פסיכיק פון קאָשמאַר.

**עלטסטער**

דערווייל האָב איך צייט און מאַכט
צו בויען און צעשטערן און בויען אויפדאָסניי,
ביז אַלץ וועט טראָגן מיין זיגל אויפן פנים.

**מאָזעס**

צייט האָט צייט — (פויזע)

**עלטסטער**

און וואָס איז מכוח דער פרייהייט פונעם ווילן,
וואָס איך האָב מיין פאָלק געגעבן?



**מאָזעס**

ביסט גערעכט, האָסט פון ווילן זיי באַפרייט,
ווילן איז אחריות, וואָס דיין פאָלק האָט זי פיינט,
אָבער וועלן פון דיין ווילן איז נאָך מערער וועלן,
עס איז לאַנגווייליק און שווער כסדר נאָר צו זיין העלד.

**עלטסטער**

קען זיין, עס ליגט אַ טיפער אמת אין דיינע רייד,
און אפשר נאָר אַן אויסגעטראַכטער אינטעלעקטועלער ליגן,
סיי ווי, ביסטו אַ קלוגער מענטש, (פויזע)
וואָס וואָלסטו מיר ראָטן טאָן?

**מאָזעס**

קליגער ווערן און גרעסער ווערן,
קויפן חכמה זיך דורך פשטות,
דעם פשוטן געפאָלג פון אורזאַך, רעזולטאַט,
אַן געמיש פון פרעמדס און אייגנס:
אַז מען שלאָגט טוט עס וויי,
וואו צופרידנקייט דאָרט איז פרייד,
וואו ליידן דאָרט איז נייטיק הילף,
אָט די סאָרט פשטות איז די טיפסטע חכמה.

**עלטסטער**

(פאַרטראַכט)
פשטות, פשטות — אָט דאָס איז,
וואָס איך האָב אַלע מאָל געוואָלט, געזוכט (פויזע)
פשטות — מעגסט שוין גיין.
(גיט אַ קלאַפּ אין דער דלאָניע, עס קומען אַריין צווי וועכטער)

**וועכטער**

וואָס איז דיין באַפעל, אדוני עלטסטער?

**עלטסטער**

פירט אַוועק דעם קלוגן יידן און קומט צוריק.
(די וועכטער פירן אַרויס מאָזעסן און קומען באַלד צוריק. זיי וואַרטן.
דער עלטסטער איז באַשעפטיקט מיט פאַפירן אויף זיין שרייבט־טיש.
זיי וואַרטן)

**עלטסטער**

(אַריינקוקנדיק אין פאַפיר) וואָס איר זאָלט טאָן מיט דעם יידן?

**װעכטער**

טאַקע דאָס װאָס מיר װילן װיסן.

**עלטסטער**

שיסט אים.

**װעכטער**

גוט — (לאָזן זיך גײן)

**עלטסטער**

װאָרט — (טראַכט) ניט געשאָסן — הענגט אים בעסער. אָבער לײגט עס אָפּ אויף מאָרגן, און לאָזט אים באַלד װיסן, װאָס עס װעט זײַן זײַן סוף. זאָל ער צײַט האָבן נאָכצוטראַכטן און באַשליסן אַז מאַכט איז פאָרט מעכטיקער פון טראַכטן — איר מעגט שוין גײן.

(זײ גײען אַרויס. דער עלטסטער װערט אומגעדולדיק, ער קען זיך קײן אָרט ניט געפינען. ער קלאַפּט אין האַנט, עס קומט אַרײַן אַ װעכ־טער). שיקט מיר דעם פּיאַנאָשפּילער.

**װעכטער**

(פאַרנײגט זיך און גײט אַרויס)

(די סצענע בײַט זיך)

(עס איז אַ לבנה־נאַכט אין פּאַרק. אין אַ װינקל רעכטס שטײט מרדכיס הויז. בײַם אָפענעם פענצטער זיצט אסתּר און זינגט).

1

**װי די טײַכן פליסן,**
**מײַנע טרערן זיך גיסן,**
**פון אָנהײב טאָג ביז קאַלע שפּעט אין דער נאַכט.**
**און װען די נאַכט װערט אַנטרינען**
**בײַם שײַן פון באַגינען**
**האָט דער שלאָף מײַנע אויגן נאָך אַלץ ניט פאַרמאַכט.**
**אוי, װי עלנד און פאַרלאָזן בין איך דאָס געבליבן,**
**מײַן טײַערע ליבע איז מײַן אײנציקער טרײסט,**
**װי אַ מילשטײן האָט דער שונא מײַן לעבן צעריבן,**
**װי פינצטער ס'איז מײַן דאָליע, נאָר גאָט אַלײן װײסט.**
**װי די טײַכן פליסן,**
**מײַנע טרערן זיך גיסן,**



**פון אָנהײב טאָג ביז קאַלע שפּעט אין דער נאַכט.**
**און װען די נאַכט װערט אַנטרונען**
**בײַם שײַן פון באַגינען**
**האָט דער שלאָף מײַנע אויגן נאָך אַלץ ניט פאַרמאַכט.**

2

**אוי, װאו זיצסטו אַ באַטריבטער,**
**מײַן טײַערער געליבטער,**
**פאַרשפּאַרט און פאַרריגלט בײַם שונא אין די הענט,**
**װאָס װאָלט איך ניט געגעבן,**
**מײַן טײַער לעבן,**
**װען מיט דיר אינאײנעם איך זײַן װאָלט געקענט.**
**נאָר תּפיסות און שלעסער זײ קענען ניט צעטײלן,**
**אַ ליבע װאָס איז שטאַרקער פון אײַזן און פון שטײן,**
**װי די שטערן אויפן הימל, װאָס מען קען ניט איבערצײלן,**
**אַזוי אײביק איז מײַן ליבע, זי װעט קײנמאָל ניט פאַרגײן.**
**װי די טײַכן פליסן,**
**אאַז"װ.**

3

**צו דיר גאָט טו איך בעטן,**
**זאָלסט צעברעכן די קײטן,**
**װאָס האָבן אונדז פאַרשקלאַפּט און פאַרפינצטערט די װעלט;**
**עס איז שוין ניט צו דערטראָגן**
**די שרעקלעכע פּלאָגן,**
**ברענג אונדז שוין צוריק אין דײַן אײגן געצעלט.**
**מיר זײַנען פאַרװאָגלט איבער פעלדער און ימען,**
**הפקר פאַר די חיות, װי אַ שעפעלע אין װאַלד,**
**דײַן הילף, גאָטעניו, זאָל זיך חלילה ניט פאַרזאַמען,**
**שיק אונדז די ישועה גיך און באַלד.**
**װי די טײַכן פליסן,**
**אאַז"װ.**

(זי פאַרמאַכט דאָס פענצטער און פאַרשװינדט)

(**שוראַך פון באַלדאַך** קומט פון לינקס זיך װאַקלענדיק אויף זײַנע פיס. װי ער װאָלט געװען אַ ביסל שיכּור).

**באַלדאַך**

אַ, דו זילבערנע, קאַלטע לבנה, פאַרוואָס ווייזטו מיר ניט וואו עס געפינט זיך דאָס הויז פון מיין געליבטער?
(ער פאַרדרייט זיך צווישן די קוסטעס. הינטער אים, מיט אַ גרויסן שפּאַקטיוו און קוקנדיק אויף דער ערד, גייט נאָך דער הויפּט־שפּילער).

**שפּילער**

(הודזשעט) אינטריגאַציע! — מאַניפעסטאַציע! גררררד! דו פינצטערער שורקע! דו מילכוואַנצעדיקער שנעק! באַלד וועסטו זיין אין מיינע הענט!

**באַלדאַך**

אסתר! אסתר! (גייט אַוועק רעכטס).

**שפּילער**

איך האָב געהערט אַ ידישן נאָמען. ווער קען דאָס זיין? (זוכט מיט דעם שפּאַקטיוו אויף דער ערד) אַז עס איז פינצטער און פינצטער! אַ, דו לבנה, דו פריינדין פון אַלע פינצטערע מעכטע, וואו ביסטו היינט, ווען דיין דינער דאַרף דיין ליכט.

**באַלדאַך**

(פון ווייטן) אסתר! אַ, אסתר!

**שפּילער**

ווידער דער ידישער נאָמען, פונוואַנען קומט דאָס קול? פון דאָרט? ניין, פון דאָרט! — איך גלייב אַז פון דאָרט גאָר! (גייט אַוועק לינקס. חלפתא, יידן און יינגלעך קומען אַרויס).

**חלפתא**

וואָלט די לבנה אַרויסגעקומען. מען קען אונדז נאָך פּאַקן און מיינען, אַז מיר האָבן סודות. (עס הערט זיך באַלדאַכס קול ערגעץ ווייט: אסתר, אַ אסתר!)

**שפּילער**

(לויפט אַריין, כאַפּט אָן אַ יינגל אין דער פינצטער)
איך האָב דיך געפּאַקט.

**יינגל**

געוואַלט יידן, ראַטעוועט!

**חלפתא**

ווער ביסטו? שוטה איינער, זעסט ניט אַז דאָס איז אַ קליין יינגל.



**שפּילער**

גאָט פאַרדאַמט! (וואַרפט דאָס יינגל אַוועק)

**יינגל**

זע נאָר ווי ער וואַרפט. וואָס וואַרפסטו עפּעס?

**שפּילער**

איך וועל אים פּאַקן! (קוקט דורכן שפּאַקטיוו) אינטריגאַציע, קאָנספּיראַציע! מאַניפעסטאַציע! (פאַרשווינדט)

**קינדער**

די לבנה איז דאָ! (עס ווערט ליכטיק און עס זעט זיך די נייע לבנה. די נעמען מורמלען קידוש לבנה).

**חלפתא**

זאָגט נאָך קינדערלעך. (די קינדער זאָגן נאָך יעדעס וואָרט) כשם שאני רוקד כנגדך ואיני יכול לנגוע בך, כך לא יוכלו כל אויבי לנגוע בי לרעה. — גאָטעניו, גרויסער, געטרייער, פונקט ווי איך, דיין קנעכט טו שפּרינגען פאַר דיר און קען דיך ניט אָנרירן, אַזוי זאָלן מיינע שונאים, די הענט אָפּגענומען ווערן, ווען זיי וועלן מיך וועלן אָנרירן צום בייזן — אַ וויסטע שרעק זאָל אויף זיי קומען און זיי זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין ליים.

**אַלע יידן**

אָמן, — (דריי מאָל) דוד מלך חי וקים! (אַלע ווינטשן זיך שלום עליכם, דערנאָך זינגען זיי)
סימן טוב ומזל טוב יהא לנו ולכל ישראל, אָמן!
(די יידן גייען אַוועק, דייער געזאַנג פאַרלירט זיך. באַלדאַך קומט אַריין)

**באַלדאַך**

ווי דאַנק איך דיר, דו האָלדע לבנה, דו קעניגין פון דער נאַכט! דו אַליין ווייסט ווי טיף פאַרוואונדעט מיין האַרץ איז פון דער געטלעכער ליבע. אסתר, אַ אסתר!
„דאָ איזט מיינער ליבסטן האוז" צום טיול! ווי איך האָלט דאָס אין איין ציטירן דעם פאַרדאַמטן יודע היינע. (זינגט)

דער דאפלגענגער
פון היינע
שטיל איזט די נאַכט, עס רוען די גאַסן,
אין דיזעם האַוזע וואָהנטע מיין שאַץ
זי האָט שאָן לענגסט די שטאָט פערלאַסן,

דאָך שטייט נאָך דאָס האוז אויף דעמזעלבן פּלאַץ,
דאָרט שטייט אויך איין מענטש און שטאַרט אין די העהע
און רינגט די הענדע פאַר שמערצענס געוואַלט
מיר גראוזעטס ווען איך אין זיין אַנטליץ זעהע
דער מאנד צייגט מיר מיינע אייגענע געשטאַלט.
דו דאפּלגעגנער, דו בלייכער געזעלע
וואָס עפסט דו נאָך מיין ליבעס לייד,
דאָס מיך געקוועלט אַן דיזער שטעלע
זאַ מאַנכע נאַכט אין אַלטער צייט.
(ער גייט אַוועק)
(אסתר און חלפתא קומען אַן)

**חלפתא**

גיי, אסתרקע, און זאָל דיר גאָט באַהיטן. איך וועל זיין דאַ ניט ווייט.

**אסתר**

עס איז מיר אַזוי שווער צו אים צו רײדן.

**חלפתא**

טאַקע שוין פאַלסטו אַראָפּ ביי דיר? גיי, גיי (ער באַהאַלט זיך)

**אסתר**

הער פון באַלדאָך! (זוכט אים)

**באַלדאַך**

(דערזעט זי) אַ, מיין געליבטע אסתר! (וויל זי אַרומנעמען)

**אסתר**

(לאָזט זיך ניט) איר וויסט דאָך, יידישע פרויען זיינען שעמעוודיק.

**באַלדאַך**

זייט ניט אַזוי גרויזאַם מיך צו דערמאַנען אַז איך וועל אייך אַמאָל מוזן פאַרלאָזן.

**אסתר**

ווער זאָגט אַז איר וועט מוזן. איך ווייס, אַז איר קענט מיט מיר ניט חתונה האָבן, וועט איר זיך נאָר אַרויסווייזן צו זיין געטריי און איבערגעבן, וועט איר מיך קיינמאָל ניט דאַרפן פאַרלאָזן.

**באַלדאַך**

געטריי אויף אייביק און אייביק! איך שווער ביי מיין ערע!

**אסתר**

האָט איר מיר געבראַכט די נייס וועגן מיין אַנקל?



**באַלדאַך**

ער וועט אינגיכן באַפרייט ווערן.

**אסתר**

זיכער?

**באַלדאַך**

דער ריינער אמת, איך שווער!

**אסתר**

און דער יונגערמאַן?

**באַלדאַך**

ער איז דאָך אַ פרעמדער צו אייך?

**אסתר**

אַ ווילד פרעמדער.

**באַלדאַך**

עס איז אַ סוד, אָבער אייך קען איך עס דערציילן, מאָרגן הענגט מען אים.

**אסתר**

(דערשראָקן, אָבער באַהערשט זיך) מאָרגן? — אַזוי שנעל?

**באַלדאַך**

ער האָט שווער באַליידיקט דעם עלטסטן אַליין. דו שרעקסט זיך פאַר אַ ביסל הענגען, פאַרגעסט ניט דו ביסט דאָך די געליבטע פון אַ דייטשישן העלד!

**אסתר**

איך מוז שוין גיין. עס איז שפּעט.

**באַלדאַך**

וועסטו זיין ביים גרויסן פייער? איך וועל דאָס אָנפירן די פראָצעסיע.

**אסתר**

(צעמישט) אוודאי, אוודאי, איצט מוז איך גיין.

**באַלדאַך**

(האַלט זי ביי דער האַנט) איין קוש, מיין געליבטע.

**אסתר**

מאָרגן, מאָרגן.

**באַלדאַך**

ווי גרויזאַם דו ביסט. נו, זאָל שוין זיין מאָרגן. (ער גייט אַוועק. חלפתא קומט אַרויס פון באַהעלטעניש)

**חלפתא**

איך האָב געהערט. זיי וועלן עס ניט דערלעבן, זאָג איך דיר, ניט ביי חלפתא.

(דער הויפּט־שפּילער קומט מיטן שפּאַקטיוו)

**שפּילער**

האָט איר געזען דאָ אַ יונגן פּראַנט מיט אַ שווערד אין דער האַנט?

**חלפתא**

ניט געזען. אָט דאָרט, דאַכט זיך מיר, איז ער. (ווייזט די פאַרקערטע זייט וואו באַלדאַך איז אַוועק. דער שפּילער גייט אַוועק)

**אסתר**

מאָרגן וועט מען הענגען —

**חלפתא**

ניט גערעדט. שאַ. (פאַרטראַכט) מען וועט ניט הענגען. (רעדט כמעט צו זיך אַליין) איך, חלפתא פויטאש, דער גאַליציאַנער שוטה זאָג, אַז מען וועט ניט הענגען, — מען הענגט ניט, זאָג איך! הערסט, אסתר, מען הענגט ניט! איך וועל מאַכן אַ געוואַלט. מען טאָר ניט הענגען!

**אסתר**

וואָס קענען מיר טאָן?

**חלפתא**

עס איז נאָך פאַראַן גערעכטיקייט אויף דער וועלט, מאָזעס מוז אַרויס אין דער וועלט און מאַכן אַ געוואַלד, משוגעים האָבן זיך פאַרלייגט אויף אַ פאָלק און ווילן זיי עוקר מין השורש זיין. זאָל די וועלט זיי פאַרשרייען ביז זיי וועלן זיך אויפכאַפּן!

נאָר מאָזעס קען דאָס טאָן און ער וועט עס טאָן.

**אסתר**

ווי אַזוי, חלפתא, טייערער, ווי אַזוי? ווי אַזוי? (וויינט)

**חלפתא**

נו, שוין, שוין. עס טוט ווי, איך ווייס. לאָז שוין זיין גענוג. (טראַכט, קומט צו אַ באַשלוס) מיר מוזן גיין צום ברוינעם קעלער, צו דער תפיסה.

(עס ווייזט זיך אַ שיין פון שטאַרקע ליכט פון לינקס)

וואָס איז דאָרט?

(עס הערן זיך געשרייען „הוראַ" און באַנדעס קלעזמער שפּילן)



**אסתר**

ווי איז מיר! איצט וועלן מיר ניט קענען דורכגיין. דאָס איז די פּראָ־צעסיע פון ביכער.

**חלפתא**

ווי הייסט?

**אסתר**

זיי פאַרברענען אַלע דייטשישע ביכער וואָס קומען פון יידן.

**חלפתא**

אַן עסק. איך האָב געמיינט מי יודע וואָס. איצט איז אונדזער צייט. זיי וועלן זיין פאַרנומען, און דער וואָס אייביק לעבט, וועט אונדז העלפן. (די גייען אַוועק. פון דערווייטנס הערט זיך דאָס געשריי פון דער מאַסע.

די סצענע בייט זיך. עס איז ווידער פאַר דער תפיסה אין געלן קעלער. ווידער זיצט דער טייטש און שלאָפט. הינטער די גראַטעס זיצט מאָזעס. דער עלטסטער קומט און געפינט דעם וועכטער שלאָפנדיק).

**עלטסטער**

(גיט דעם וועכטער אַ בריק מיטן פוס). אַזוי טוסטו דיין פליכט.

**טייטש**

(וועקט זיך אויף) דו קליינער שניפּיק, איך וועל דיר —

**עלטסטער**

זע ווער עס שטייט פאַר דיר.

**טייטש**

(פאַלט אויף די קני) גרויסער הערשער, אַלמעכטיקער באַפרייער. שענק מיר דאָס לעבן, איך האָב אַ ווייב און פינף קינדער.

**עלטסטער**

יינגלעך צי מיידלעך?

**טייטש**

וויי איז מיר, איך בין אַ זינדיקער מענטש, עס איז מיר אַ שאַנדע! איך בין ניט ווערט וואָס די ערד פון פאָטערלאַנד טראָגט מיך —

**עלטסטער**

רייד שוין.

**טייטש**

פינף מיידלעך.

**עלטסטער**

דו גייסט אויף אַ שלעכטן וועג. האָב דאָס אין זינען ביים זעקסטן.

**טייטש**

איך שווער ביי אַלץ וואָס איז מיר הייליק.

**עלטסטער**

איצט מאַך אויף די תפיסה און ברענג אַרויס דעם יידן.

**טייטש**

(מאַכט אויף און ברענגט אַרויס מאָזעסן)

**עלטסטער**

נו, וואָס זאָגסטו איצט וועגן דיינע נביאותן?

**מאָזעס**

(שווייגט)

**עלטסטער**

אַ קלוגער ביסטו דאָך, וואו איז דיין ענטפער? (מאָזעס שווייגט)
עזותדיקער ייד, ווייסט ווער עס רעדט צו דיר? ענטפער!

**מאָזעס**

וואָס ווילסטו הערן נאָך פון מיר?

**עלטסטער**

גלייבסט נאָך אַלץ אַז דו האָסט געזען דעם אמת אין דער צוקונפט!

**מאָזעס**

וואו איז דער אמת, וואָס קען לייקענען דעם טויט?
און וואו איז דער ליגן, וואָס קען נאָך גלאַנצן
כאָטש איין פאַרגעגנגלעכע סעקונדע,
ווען דאָס האַרץ האָט קלאַפּן אויפגעהערט?
לעבן — טויט,
אמתן, אויסגעטראַכטע,
איינגעפלאַנצט אין דער מדבר פון אייביקייט,
דער איינציקער וואָס האַלט מיך:
מיין גאָט —
איך גרייט זיך צו צו קומען פאַר מיין גאָט
אַ ריינער און אַן אויפגעקלערטער.
אפשר נאָר דערפאַר, ווייל עס איז ניט מער ווי רעכט
אַרויסצוגיין ווי מען איז געקומען — ריין.

**עלטסטער**

אַזוי פילאָזאָפיש נעמסטו דאָס דיין טויט?



**מאָזעס**

עס איז צו שפּעט פאַר מיר צו לערנען דיך,
לאָז די פּאָר מינוטן וואָס זיינען מיינע נאָך,
ניט זיין פאַרשמוצט פון אומקויט,
פאַרנעם דיך פון דאַנען.

**עלטסטער**

דו וואָגסט עס, דו פאַרפלוכטער גדלן!

**מאָזעס**

(דרייט זיך אויס און ענטפערט ניט. גייט צוריק אין תפיסה)

**עלטסטער**

מיט דיין נאַרישער גדלות האָסטו דיין אייגן לעבן פאַרשפּילט.

**מאָזעס**

איך גלייב דיר איצט ניט און האָב דיר קיינמאָל ניט געגלייבט. דו קענסט שוין גיין.

**עלטסטער**

דער טויט וועט דיך שוין ברעכן (צום וועכטער). גיב גוט אַכטונג אויף אים און שלאָף ניט אויף דעם פּאָסטן. (ער גייט אַוועק)

**טייטש**

הופּ! — ווי אַ ווינט. אָט איז ער און איז ניט (בשעתן פאַרשליסן)
וואָס האָט ער גערעדט אַזוי לאַנג מיט דיר? איך האָב קיין איין וואָרט
ניט געהערט. איך בין געשלאָפן שטייענדיק. (גענעצט) עס איז אַן
אומגליק — ווען־מען־איז־ווען־ווען — (ער שלאָפט שוין)
(מאָזעס פאַרשווינדט אינעווייניק אין דער תפיסה)
(חלפתא און אסתר קומען אַרויס פון די קוסטעס.)

**חלפתא**

שאַ — שטיל — פאַרזיכטיק, — איך זאָג דיר, אסתרקע, עס איז אַ דין: הבא —

**אסתר**

איך פאַרשטיי דיך ניט.

**חלפתא**

גאָט ברוך הוא וועט מיר מוחל זיין. עס איז אַ מלחמה.

**אסתר**

וואָס רעדסטו אַזוינע ווילדע רייד? וואָס ווילסטו טאָן?

**חלפתא**

ווארט, ווּעסטו זען. (הייבט אויף אַ גרויסן שטיין, דערלאַנגט דעם וועכטער איבערן קאָפּ)

**וועכטער**

(פאַלט אַרונטער פון בענקל און בלייבט ליגן)

**אסתר**

(וויל שרייען, האַלט זיך דאָס מויל)

**חלפתא**

אַ לעבן פאַר אַ לעבן. זוך די שליסל. (ביידע זוכן די שליסל ביים וועכטער. חלפתא מאַכט אויף די תפיסה און מאַזעס קומט אַרויס).

**מאַזעס**

וואָס האָסטו געטאָן? עס איז אַן אומגליק. מען מוז לויפן. לויפט ביידע, וואָס גיכער.

**אסתר**

און דו?

**מאַזעס**

איך גיי ניט.

**חלפתא**

גיכער, מען דאַרף זיך צואיילן. (ער טוט אויס זיינע אויבערשטע קליידער).

**אסתר**

חלפתא, וואָס טוסטו?

**חלפתא**

טוט אויס אייערע קליידער, ר' מאַזעס — טוט אויס.

**מאַזעס**

צו וואָס איז דאָס?

**אסתר**

(וויינט און ציטערט)

**חלפתא**

טוט אויס, ווי מען הייסט אייך.

**אסתר**

פאָלג אים, טייערער, איך ווייס ניט וואָס ער וויל, אָבער פאָלג אים.

**מאַזעס**

איך פאַרשטיי אייך ביידן ניט. (טוט אויס זיינע קליידער).



**חלפתא**

איצט טוט אָן מיינע און לויפט. (ער טוט אָן מאַזעסעס קליידער) לויפט וואָס גיכער אַריבער דעם גרענעץ און גיט אַכטונג.

**מאַזעס**

עס איז אַ שענדלעכער קרבן, איך נעם ניט אָן אַזוינע קרבנות.

**חלפתא**

(אין כעס) פאַר אייך אַ קרבן? האָסטו געהערט אַ מעשה. עס איז פאַר דעם פאָלק. (בעט זיך) אסתרקע, טייערע, האָב רחמנות, נעם אים צו, און אַנטלויפט.

**אסתר**

(וויינט) חלפתא, טייערער, קיינער איז ניט ווערט —

**חלפתא**

זע, ווי זי שטעלט זיך אַנטקעגן, האָט זיך אסתר המלכה אויך אַנטקעגן געשטעלט?

**מאַזעס**

גאָט, גיב מיר כוח!

**חלפתא**

(שטרענג) עס איז מין השמים, זאָג איך, גאָט ברוך הוא וויל אַזוי. איך וועל שוין מיט די מחבלים פאַרטיק ווערן. גייט וואָס גיכער און זייט מצליח.

**אסתר**

קום, קום, אויב ניט וועט מען אונדז אַלע כאַפּן. (זיי גייען)

**חלפתא**

ווער ווייסט צי האָב איך ניט באַגאַנגען אַ גרויסע עבירה, צו נעמען אויף זיך אַזויפיל. (גייט אַריין אין דער תפיסה און דרייט אויס זיין פנים אַז מען זאָל אים ניט קענען זען)

**טייטש**

(וועקט זיך, גענעצט) האה — וואָס איז דאָ געשען? (שפרינגט אויף מיט געפאַנגענער! אַ, דאַנקען גאָט. וואָס ביסט דאָ. אַ שיין פנים וואָלט איך געהאָט, — ווי דער קאָפּ טוט מיר וויי. וואָס איז דאָ געשען?

**חלפתא**

ביסט אַראָפּגעפאַלן פון בענקל. (עס הערט זיך פונווייטן: איינס־צוויי,

איינס־צווי, איינס־צווי. עס קומען אַריין אַ **קאָמאַנדיר** מיט פיר ברוינע סאָלדאַטן.)

**קאָמאַנדיר**

**האַלט!** (זיי בלייבן שטיין). **וועכטער, מיר זיינען געקומען נעמען דעם יידן צו דער תליה.**

**וועכטער**

**אַז ווער דאַרף אים, נעמט אים אַוועק.** (זוכט די שליסל, דערשרעקט זיך) **וואו איז דער שליסל? — אַ, אָט איז ער אין דער טיר, וואָס איז היינט דער מער מיט מיר?**

**קאָמאַנדיר**

**קום ייד.** (חלפתא קומט אַרויס, שטעלט זיך צווישן די פיר סאָלדאַטן) **מאַרש! — איינס־צווי, איינס־צווי** — (זיי מאַרשירן אַוועק)

**וועכטער**

(פאַרשליסט די טיר און זעצט זיך ווידער אַוועק). **איצט וועל איך שוין קענען כאַפּן אַ דרימל אַ געשמאַקן.**

(ער שלאָפט באַלד איין. ווי ער ווערט אַנטשלאָפן, ווערט ערגעץ ווייטער אַ געשריי: „קאַראַול!" „כאַפּט דעם יידן!" — כאַפּט אים!")

**וואָס איז דאָס, אַנטלויפן?**

(עס ווערט אַ געלויפעריי און אַ געשריי: „כאַפּט דעם יידן!" **עטלעכע** לויפן איבער דער בינע. דער **וועכטער** שטעלט איינעם אָפּ.) **וואָס איז געשען?**

**לויפער**

**האָסט איבערגעביטן דעם יידן, אידיאָט, איצט איז ניטאָ וועמען צו הענגען.** (לויפט ווייטער).

**טייטש**

**די גלייכסטע זאַך פאַר מיר איז אויך לויפן.** (ער וואַרפט אַוועק די ביקס און אַנטלויפט. עס איז שטיל פאַר אַ ווייל, דערנאָך הערט זיך אַ שאַרפע שיסעריי. ווידער שטיל. עס ווערט פינצטער). (עס בייט זיך די סצענע)



# די ברוינע שטוב איבער דעם ברוינעם קעלער

(עס איז מיט אַ צייט שפּעטער. די שטוב איז כמעט אַ ליידיקע, עס איז נאָר פאַראַן אַ טיש מיט עטלעכע שטולן. רעכטס איז די טיר אין דרויסן. דער טיש מיט די שטולן שטייען רעכטס פון פאָרנט. אין מיטן פון דער דיל געפינט זיך אַ פאַלטיר אין קעלער אַריין. אויף דער בינע זיינען פאַראַן די **דריי טייטשן, דער ערשטער** איז אַ מיטלוואוקסיקער, פעטער טייטש פון אַ יאָר פערציק. דער **צווייטער** איז אַ יונגער און אַ ברייטפּלייציקער.. דער **דריטער** איז אַ הויכער, פעסטער און מאָגערער טייטש אין די צוואַנציקער יאָרן. פון הינטן הערט זיך דאָס קרעכצן פון מענטשן, צומאָל אונטערבראָכן פון אַן אויסגעשריי, עס הערט זיך איצט פון אונטן:)

קול

(פון אונטן) אוי. (פויזע)

**ערשטער**

**קוים מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן.**

**צווייטער**

**זיי זיינען כיטרע, די יידעלעך, זיי ווילן נאָר מען זאָל וועגן אונדז שרייבן אין די בלעטער.**

**ערשטער**

**נאָר די צייטונגסלייט? און וואָס הערט זיך מיט אונדזערע אייגענע פאַררעטערס. מען זוכט נאָר אַ תירוץ צו מאַכן ראַיאַטן, גיב זיי ברויט.**

קול

(פון אונטן אוי! — —

**דריטער**

**דאָס איז דער קליינער יידליק. איך וועל פון אים באַלד שניידן פּאַסעס.**

**ערשטער**

וואָס רעדסטו, דאָס איז דער דאָקטערל. דער קליינינקער שרייט קיינ־מאָל ניט. אַ מאָדנער יידל, נאָר ער שטומט.

**צווייטער**

מען מוז אים מאַכן רײדן. מען האָט אָנגעזאָגט פון אויבן, אַז עס איז וויכטיק מען זאָל פון אים אַרויסקריגן, וואו דער ייד מאָזעס געפינט זיך.

**דריטער**

איך האָב אַ געדאַנק. (שרייט אַרונטער אין קעלער) דערלאַנגט מיר דעם דאָקטערל.

**אַ קול**

(פון אונטן) וועלכער דאָקטער?

**דריטער**

דעם צווייטן.

**ערשטער**

צו וואָס דאַרפסטו אים?

**קול**

(פון אונטן) אָט קומט ער (עס עפנט זיך די טיר פון קעלער, מען שטופט אַרויף אַן אויסגעמאַטערטן, אָפּגעמאַרעטן יידן)

**ייד**

וואָס ווילט איר נאָך פון מיר?

**דריטער**

הערסט דעם עזות, אָנטקעגן צו ריידן? (גיט אים אַ ריס מיט אַ בייטש איבער די פּיס). איך וועל דיר באַלד זאָגן וואָס מען וויל פון דיר. (ייד שווייגט) דו זאָג דעם גאַליציאַנער בחור, ער זאָל אונדז אויסזאָגן וואו דער ייד מאָזעס געפינט זיך.

**ייד**

אַז איך האָב שוין מיט אים גערעדט, אַז ער זאָגט, איר האָט איבער אים קיין רעכט ניט, ער איז — —

**דריטער**

(שמייסט אים ווידער איבער די פּיס, דער ייד וויינט שטיל) דו ווערסט ריידן אָנטקעגן. (הייבט אויף די בייטש) דו רייד מיט אים.



**ייד**

אוי, אוי, האָב שוין רחמנות. שלאָג ניט, שלאָג ניט, איך וועל ריידן, איך וועל טאָן אַלץ.

**צווייטער**

וואַרף אים צוריק אַרונטער.

**דריטער**

מיך וועלן די לויזיקע יידן ניט אָפּנאַרן. איך וועל גיין מיט אים (ער גייט אַרונטער מיט דעם יידן אין קעלער. גיי, פאַרדאַמטער ייד!

**ערשטער**

(גענעצט) אַה! — שוין ווידער ניטאָ וואָס צו טאָן. מען ווערט מיד וואַרטנדיק.

**צווייטער**

לאָמיר שפּילן דעם יידישן שפּיל.

**ערשטער**

אַז עס זיינען קיין קאָרטן ניטאָ.

**צווייטער**

ווער זאָגט ניטאָ. איך האָב קאָרטן.

**ערשטער**

ביסטו דאָך גאָר אַ יאָט. באַווייז. (דער צווייטער נעמט אַרויס קאָרטן. זיי זעצן זיך שפּילן) דו טיילסט. (ער האַלט די קאָרטן פון דערווייטנס און דרייט דעם קאָפּ אַן אַ זייט, ווייל עס איז אים שווער צו זען אָן גלעזער) שיינע קאָרטן, וואָס דו קענסט מיר שוין דערלאַנגען. (פון אונטן הערט מען געשרייען).

**צווייטער**

(לאַכט) דו זוכסט אַן אויסרייד, טאָמער פאַרלירסטו. (פון אונטן שרייט מען).

**ערשטער**

איך פאַרשטיי ניט, וועמעס קול איז דאָס?

**צווייטער**

וואָס פאַרשטייסטו ניט, ער שלאָגט דעם דאָקטער, כדי דער יידליקל זאָל ריידן.

**ערשטער**

אַז איך האָב ניט מיינע גלעזער — וואָס איז דאָס, אַ קעניג? אָט האָסטו אַ קעניג — דענקסטו ער שניידט דאָס מיטן מעסערל?

**צווייטער**

וואָס דען, ער וועט מאַכן שטיק מיט זיי — אַט האָסטו אַ דאַמע.

**ערשטער**

קיין דאַמע האָב איך ניט. ווייסט, ער איז אַ ביסל צו־צו, ווי רופט מען דאָס, — אַט האָסטו אַ צווייטל, — מען דאַרף ניט באַלד נעמען דאָס מעסער.

**צווייטער**

(וואַרפט אַ קאַרט) נעם דאָס אויב דו קענסט. (געשריי פון אונטן) מען מוז זיי אָנשרעקן. (שרייען פון אונטן)

**ערשטער**

עס איז אוממעגלעך צו שפּילן. איך קען דעם געשריי ניט פאַרטראָגן. (שטעלט זיך אויף, קלאַפּט מיטן פוס אין קעלער) זע זיי זאָלן ניט שרייען. (זעצט זיך צוריק).

**צווייטער**

פונקט געטראָפן. אַ ייד מוז שרייען. אַט נעם דאָס אויב דו קענסט. (דאָס קאָרטן־שפּיל ווערט שנעלער און דאָס געשריי יאָמערלעכער) עס איז ניט צום שפּילן.

**ערשטער**

עס איז דייק גאַנג. ווייסט נעכטן האָב איך געקראָגן אַ הון?

**צווייטער**

וואָס רעדסטו, אַ הון? וואו האָסטו געקראָגן?

**ערשטער**

פרעג ניט. געווינען ווילסטו, האַ? (דער געשריי ווערט שטאַרקער)

**צווייטער**

וואָס טוען זיי דאָרטן? (לייגט אַוועק די קאָרטן)

**ערשטער**

שאַ — (עס הערט זיך אַ שטילער יאָמערלעכער אויסגעצויגענער קרעכץ).

**צווייטער**

(מיט שרעק) דאָס איז דער קליינער יידליק.( (זיי הערן זיך איין געשפּאַנט).

עס איז אַזוי מאָדנע. דאָס בלוט גיסט זיך פון אים און ער שרייט ניט. מען קען משוגע ווערן, זאָג איך דיר. משוגע! מען שלאָגט, שלאָגט — ער שוויגט. (איצט הערט זיך דאָס געשריי פון עטלעכע).



**ערשטער**

מען שלאָגט דאָרט רעכטס און לינקס. (מיט כעס) דער פאַרפלוכטער זאַו — יודע! מען דאַרף שנײַדן פּאַסעס ביז ער זאָגט אויס.

**צווייטער**

ער זאָגט ער איז אַ פּוילישער.

**ערשטער**

קיינער וועט זיך פאַר אים סיזוי ניט אָננעמען.

**צווייטער**

צומאָל קען אַרויס אַ סקאַנדאַל.

**ערשטער**

ווער זאָגט, אַז מען דאַרף זיך דערוויסן. ער קען פאַרשווינדן.

**צווייטער**

דו הערסט?

**ערשטער**

שאַ — וואָס איז דאָס?

**צווייטער**

אַ המון! — ראַיאָטן —

**ערשטער**

די פאַרדאַמטע פאַררעטער! — (הערן זיך איין) עס האָט זיך דיר געדאַכט. עס איז ניט קיין המון — דאַ הינטן (אַ געשריי און עס ווערט שטיל).

**צווייטער**

דאָס איז דער יידליק. (פויזע) וואָס איז דאָרט געשען?

**ערשטער**

(שטאַרק נערוועז) פונואַנען זאָל איך וויסן.

**צווייטער**

מען דאַרף אים מאַכן שוויגן. — מען קומט (עס קומט אַרויף דער דריטער, אַן אויסגעמוטשעטער און פאַרשוויצטער).

**צווייטער**

נו? —

**דריטער**

פוה! — (ווישט זיך דעם שוויס) אַזאַ פאַרדאַמטער ייד, ער וויל ניט ריידן!

**ערשטער**

עס איז אַ באַפעל, מען מוז אים מאַכן ריידן.

**דריטער**

ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? אדרבא, אפשר ווייסטו?

**צווייטער**

ווייסטו גאָר וואָס, ברענג אים אַרויף אַהער. מיר וועלן אים אַלע באַאַרבעטן.

**ערשטער**

עס איז אַ גוטער געדאַנק.

**דריטער**

איך וועל אים ברענגען. (ער גייט אַרונטער אין קעלער. די צווי וואַרטן ביי דער קעלער־טיר. פויזע). גיי אַרויף, דו שמוציקער ייד. (**חלפתא** קומט אַרויף פון קעלער. ער איז שרעקלעך צעבלוטיקט, ביידע אויגן זיינען ביי אים פאַרונען מיט בלוט, אַזוי אַז ער גייט ווי אַ בלינדער. נאָך אים גייט דער דריטער).

**חלפתא**

(טאַפּט מיט די הענט) וואו גייט מען דאָ?

**ערשטער**

גיב אים אַ בענקל.

**צווייטער**

ניט איך — (דער **ערשטער** רוקט אונטער **חלפתאן** אַ בענקל, ער וואָגט ניט צוגיין גאָר נאָענט). זעץ זיך. הינטער דיר שטייט אַ בענקל.

**חלפתא**

אַ דאַנק. האָסט געטאָן אַ מצוה. (שווייגן) נו, וואו איז מאָזעס? איר האָט דאָך געזאָגט אַז מאָזעס איז דאָ. (קיינער ענטפערט ניט) איך וואָלט אים וועלן פרעגן וועגן מיין באַלעבאָס' מיידל (שווייגן) האָט איר ווער געזען אַ יידיש מיידל? אסתר הייסט זי.

**ערשטער**

וואָס זאָרגסטו זיך פאַר איר? דיך האָסטו שוין פאַרזאָרגט? זאָג בע־סער אויס וואו מאָזעס געפינט זיך.

**חלפתא**

(בייגט איין דעם קאָפּ) ווי וועל איך זיך קענען פאַרענטפערן פאַרן באַלעבאָס? (שווייגן)



**ערשטער**

וואָס פאַר אַ מין ייד איז דאָס? (שווייגן) וואָס טוט מען איצט?

**דריטער**

האָסט אים דאָך געהייסן ברענגען.

**ערשטער**

וואָס ווייס איך, דו האָסט אים דאָך אויסגעפרעגט.

**צווייטער**

וואָס טוט מען פאַרט?

**דריטער**

איך וועל דיר באַלד ווייזן וואָס צו טאָן. (לאָזט זיך צו מיט אַ פויסט און וויל דערלאַנגען חלפתאן)

**צווייטער**

(האַלט אים אָפּ) וואַרט, איך וועל אים פרעגן. — הער נאָר דו, ייד —

**חלפתא**

האָ? — (בייגט זיך אָן ווי אַ בלינדער וואָס דערהערט ניט).

**צווייטער**

דו זאָג בעסער, וואו עס געפינט זיך דער ייד מאָזעס און מיר וועלן דיך אַפּלאָזן אַהיים.

**חלפתא**

(מאַכט מיט דער האַנט) שטותים, (פויזע) איך וואָלט וועלן וויסן וואו עס געפינט זיך מיין באַלעבאָס מיידל, אסתר, הייסט זי.

**ערשטער**

דו נאַרישער ייד, פאַרוואָס רעדסטו ניט?

**חלפתא**

וואָס זאָל איך זאָגן?

**ערשטער**

וואו איז מאָזעס?

**חלפתא**

ביי גאָט ברוך הוא אין די הענט. מיר זיינען אַלע ביי אים אין די הענט, דו אויך, און אַפילו דיין עלטסטער. אַ ייד מוז האָבן בטחון.

**צווייטער**

וואָס מיינסטו?

**חלפתא**

בטחון, יעדער ווייסט וואָס עס איז בטחון. אַלץ איז לטובה, אַלץ קומט פון אים. ווער איז דען קלוגער פון גאָט ברוך הוא, און ביי וועמען איז פאַראַן מער גערעכטיקייט?

**צווייטער**

(פאַרשטיינערט, שרעקט זיך) וואָס מיינט ער?

**ערשטער**

הער נאָר ייד, פון וואָס פאַר אַ לאַנד קומסטו?

**חלפתא**

ווי הייסט פון וואָס פאַר אַ לאַנד? פון לאַנד פוילן.

**דריטער**

וועמען ווילסטו שרעקן מיט דיין מלכות?

**חלפתא**

מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא.

**דריטער**

מיט דיינע כישוף־רייד, וועסטו אונדז ניט אָפּנאַרן.

**חלפתא**

נאָר איין מלך איז פאַראַן, גאָט ברוך הוא.

**ערשטער**

דיין גאָט האָט דיך אויך פאַרלאָזן.

**חלפתא**

(שפּרינגט אויף און שרייט) עס איז אַ ליגן! ביסט אַ ליגנער! עס איז שקר!

**דריטער**

(לאָזט זיך צו חלפתאן, דער צווייטער וויל אים צוריקהאַלטן, אָבער עס איז שוין צו שפּעט.. ער דערלאַנגט חלפתאן מיט אַ פויסט צווישן די אויגן, אַז דאָס בלוט נעמט רינען). נאָ! איצט ווייסטו ווער עס איז אַ ליגנער.

**אַנדערע צוויי**

(האַלטן צוריק אַן אויסגעשריי פון שרעק)

**חלפתא**

(שוואַך) אַה... רבונו של עולם, זיי זיך מרחם! רבונו של עולם...

**ערשטער**

(דערשראָקן) וואָס האָסטו אים געטאָן?



**דריטער**

(ווישט די פויסט מיט דעם גראָבן פינגער) מיט דעם גראָבן פינגער האָב איך אים אַריינגעקוועטשט אין אויג אַריין.

**צווייטער**

(שטאַרק דערשראָקן) וואָס וועלן מיר איצט טאָן? ער איז אַ פרעמדער (פויזע) (אַן אַלטער וואַנט־זייגער אין אַ צווייטן צימער קלאַפּט אויס פינף.)

**חלפתא**

(הייבט אָן לאַנגזאַם אויף אַ קול) אשרי יושבי ביתך, עוד יהללוך סלה. אשרי העם שככה לו, אשרי העם שיי אלהיו, תהילה לדוד ארומימך אלוהי המלך, ואברכה שמך לעולם ועד.

**צווייטער**

(שרייט אויס נערוועאיש, פול מיט כעס און מורא) שווייג! דו פאַר־דאַמטער ייד! דו ווילסט אונדז פאַרכישופן?

**ערשטער**

וואָס פאַר אַ שוואַרצע ווערטער זינגען דאָס?

**חלפתא**

נו, נו, מפסיק... (דאַוונט שטילערהייט. פון גאַר דערווייטנס הערן זיך קולות פון המון.)

**צווייטער**

איך זאָג, אַז מיר זאָלן אַוועק. ער וועט אויף אונדז ברענגען אומ־גליק.

**ערשטער**

עס גייט אַ המון פון הונגעריקע.

**דריטער**

וואָס שרעקט איר זיך, פייגלינגע!

**צווייטער**

דו קענסט ניט די יידן, (דאָס קול פון עולם קומט נעענטער) דאָס רעדט ער צום טייוול.

**דריטער**

איך וועל אייך באַלד ווייזן, ווי ער רעדט צום טייוול. (ער כאַפּט אַ ביקס, הייבט זי אויף, גרייט אַראָפּצולאָזן זי מיט דער קאָלבע אויף חלפתאס קאָפּ.)

**אַנדערע צוויי**

**ניטע!** (דער ערשטער כאַפּט אָן די ביקס פון הינטן און האַלט זי).

**חלפתא**

(ווידער אויף אַ קול) **שומר את כל אהביו ואת כל הרשעים ישמיד.**

(דאָס קול פון המון איז נאָענט)

**ערשטער**

**ראַיאָטן! דאָס הונגעריקע פאָלק!** (ער לויפט אַרויס)

**צווייטער**

(לויפט נאָך אים).

**דריטער**

(קוקט זיך אום, וואַרפט אַוועק די ביקס, שרייט היסטעריש אַרונטער אין קעלער) **אַ מלחמה!** (אַנטלויפט). (אין קעלער הערט זיך אַ טומל: „אַ מלחמה! די הונגעריקע!" עס הערט זיך שיסן פון דער ווייטנס. **ברוינע** לויפן אַרויס פון קעלער מיט דעם געשריי: „אַ מלחמה! אַ מלחמה!").

**חלפתא**

(כאַפּט זיך, אַז ער האָט ניט פאַרענדיקט די תפילה) **תהילת ה"ש ידבר פי ויברך כל בשר שם קדשו לעולם ועד, ואנחנו נברך יה מעתה ועד עולם הללויה.** (ווען ער וויל זיך שטעלן שמונה עשרי, שטעקט פון קעלער אַ ייד אַרויס אַ דערשראָקענעם, אויסגעמאַטערטן קאָפּ).

**דער ייד**

**וואו זיינען זיי אַלע?**

**חלפתא**

(דרייט אויס דעם קאָפּ) **ווער רעדט דאָס?**

**דער ייד**

(מיט שמחה) **זיי זיינען ניטאָ!** (שרייט אַרונטער) **יידן, קומט, מיר זיינען פריי! — פריי!**

**חלפתא**

(שטרענג) **ווער רעדט דאָס?**

**ייד**

**איז די טיר אָפן?** (אַנדערע יידן, צעביילטע, צעשלאָגענע, קומען פון קעלער. דאָס קול פון המון קומט אַלץ נענטער). **זיינען דאָס יידן?**

**יידן**

**יידן, יידן אַלע, קומט, לאָמיר אַנטלויפן!**



**חלפתא**

(שטעלט זיך אַנטקעגן) **וואו גייט איר, יידן?**

**יידן**

**מיר זיינען פריי. מיר גייען אַרויס אין דער ליכטיקער וועלט!**

**חלפתא**

**גייט ניט! עס גייט דער המון אַהער. פאַרמאַכט די טיר און בלייבט דאָ!**

**יידן**

**ווער זאָגט מיר זאָלן דאָ בלייבן? ווער ביסטו אונדז צו זאָגן? מיר זיינען פריי!**

**חלפתא**

(בייז) **איך וועל ניט דערלאָזן, אַז יידן זאָלן זיין אומזיסטע קרבנות.**

**יידן**

**ווער ביסטו ניט צו דערלאָזן? — האָסט געהערט אַן עזות! — אַ נייער פירער. —**

**חלפתא**

**עס איז אַ מלחמה, אַ פרעמדע. קריכט ניט אין אַ פרעמדן פייער!**
(דער געשריי וואַקסט נאָך אַלץ און קומט נענטער).

**יידן**

**און וואָס וועט זיין, אַז זיי וועלן קומען אַהער?**

**חלפתא**

**גייט איר כאָטש ניט צו זיי. פאַרהאַקט די טיר און פענצטער.**

**יידן**

**ער וויל אונדז פאַרשפאַרן ווי מייז אין קלאַטקע. פאָלגט אים ניט!**
(דער געשריי און די שיסעריי זיינען שוין נאָענט).

**חלפתא**

**פאַרהאַקט טיר און פענצטער און לאָזט קיינעם ניט אַריין.**

**אַנאַנדער ייד**

**הערט וואָס עס טוט זיך. דער בלינדער איז גערעכט.** (ער פאַרהאַקט טיר און פענצטער).

**חלפתא**

**איצט, יידן, האָט בטחון אַלע און שווייגט. זאָל איינער שטיין ניט ווייט פון פענצטער און זען וואָס עס טוט זיך.**

**ייד**

(ביים פענצטער) עס איז אַ מלחמה צווישן פֿאָלק מיט די ברוינע, עס לויפֿן אָרעמע מענטשן — יידן לויפֿן.

**חלפֿתא**

יידן! מען דאַרף זיי אַריינרופֿן. (צווישן די אַלע קולות וואָס הערן זיך, הערט זיך דאָס פֿאַרצווייפֿלטע געשריי פֿון פֿאַרפֿאָלגטע יידן) מען דאַרף זיי אַריינרופֿן!

**אַן אַלטער ייד**

עס איז אַ געפֿאַר, מען טאָר די טיר ניט עפֿענען. מיר וועלן אַלע אומקומען.

**חלפֿתא**

עפֿנט די טיר פֿאַר יידן!

**יידן**

עפֿנט ניט! — מיר וועלן ניט עפֿענען! — עס איז אַ געפֿאַר —

**חלפֿתא**

(שרייט) עפֿנט די טירן!

**יידן**

וואָס פֿאַר אַ באַלעבאָס איז ער! — מיר וועלן אונדזער לעבן ניט אײַנשטעלן.

**חלפֿתא**

יידן, פֿאַרגעסט ניט ווער איר זייט. דאָס זיינען אייערע ברידער. — (די יידישע קולות אינדרויסן ווערן מערער).

**יידן**

מיר וועלן ניט עפֿענען. מיר קומען פֿריער. מיר האָבן קינדער! (עס איז שטיל אויף דער בינע, אינדרויסן וואַקסט דער שטורעם).

**חלפֿתא**

וואו איז די טיר? (ער פֿילט זיין וועג צו דער טיר. קיינער וואָגט אים ניט צו שטערן. די זיינען דערשטוינט און מאַכן אַ וואַרע פֿאַר אים. ער וואַרפֿט אַוועק אַלץ וואָס שטייט צווישן אים און דער טיר ביז ער דערגרייכט זי און מאַכט זי אויף. ער שרייט אַרויס) יידן! קומט אַהער, יידן! (אַ שאָס ברעכט אַ שויב ניט ווייט פֿון חלפֿתאן).

**יידן**

היט זיך!



**חלפֿתא**

גאָט וועט מיך היטן. יידן! קומט אַהער! (מיט די קולות וואָס שטראָמען אַריין פֿון דער אָפֿענער טיר, קומען אַריין מיט געשריי פֿון שרעק יידן, מענער, פֿרויען, קינדער) קומט אַלע אַהער! (שפּרייט אויס זיינע הענט אין עקסטאַז) קומט, בני ישראל!

**אַ ייד**

ווער איז ער?

**חלפֿתא**

קומט פֿון אומעטום! דער גאָט פֿון ישראל וועט אַלעמען באַשיצן! (עס לויפֿן מאַסן מענער, פֿרויען, קינדער. אַפֿילו דורך דעם פּובליקום לויפֿן מאַמעס מיט קינדער אַרויף אויף דער בינע מיט געשריי פֿון שרעק. אַלע טוליען זיך אין אַ גרויסער מאַסע איינער צום אַנדערן, עס ווערט שטיל.) זיינען נאָך פֿאַראַן דאָרט יידן?

**אַלטער ייד**

דאָס זיינען די לעצטע, מער זיינען ניטאָ.

**חלפֿתא**

איצט פֿאַרהאַקט די טירן און לאָמיר אַלע אינאיינעם בעטן גאָט, אַז ער זאָל אונדז אַ נס באַווייזן. (מען פֿאַרמאַכט די טירן).

**איינער**

(מיט ביטערקייט) יע, ניסים, לויטער ניסים באַווייזט ער אונדז.

**חלפֿתא**

זינדיק ניט, דו... אַ נס... (ער האָט אָנגעבויגן דעם בלינדן קאָפּ. אַלע וואַרטן.) יידן, לאָמיר תפֿילה טאָן: אבינו מלכנו בטל מעלינו כל גזרות קשות.

**יידן**

(זאָגן נאָך).

**חלפֿתא**

אבינו מלכנו בטל מחשבות שונאינו.

**יידן**

(זאָגן נאָך)

**חלפֿתא**

אבינו מלכנו הפֿר עצת אויבינו.

**יידן**

(זאָגן נאָך)

**חלפתא**

אבינו מלכנו כלה כל צר ומשטין מעלינו.

**יידן**

(זאָגן נאָך. צווישן די אַנדערע קולות הערט זיך דאָס קול פֿון ייִנגל אינדרויסן, רופֿנדיק: חלפתא!) —

**חלפתא**

עס קומט נאָך איינער. לאָזט אים אַרײַן. (מען מאַכט אויף די טיר, עס פֿאַלט אַרײַן אַ פֿאַרמאַטערטער, אַ פֿאַרבלוטיקטער דאָס ייִנגל, ער פֿאַלט צו צו חלפתאן.) וואו יאָגסטו זיך אַרום אַזאַ ייִנגל איינער אַליין?

**ייִנגל**

(וויינט ביטער) מײַן שוועסטער איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן.

**חלפתא**

אַ ייִדישע טאָכטער זאָל דאָס טאָן. קאַרג אייגענע צרות? זי וועט קומען, אַלע וועלן זיי קומען. (פֿונדרויסן הערט זיך דער פֿאַרצווייפֿל־טער געשריי פֿון אַ פֿרוי און עס פֿאַלט אַ שאָס, וואָס פֿאַרשטומט זי) עס זאָל זיך קיינער פֿון אָרט ניט רירן. אויב טויט, איז עס אַ קרבן. (פּויזע. פֿונדערווײַטנס הערט זיך דאָס זינגען פֿון „אינטערנאַציאָנאַל" פֿון אַ מאַסע קולות).

**יידן**

וואָס איז דאָס?

**חלפתא**

(אין התלהבות) אַ נס!

**יידן**

אַ נס!

**חלפתא**

(מיט גרויס פֿרייד) אַ נס! אַ נס! (זיי הערן זיך אײַן ווידער. געזאַנג קומט אַלץ נעענטער און גייט פֿאַרבײַ).

**אַלע**

אַ נס האָסטו באַוויזן.

**חלפתא**

רעדט ניט אַזוי, עס איז אַן עבירה. גאָט ברוך הוא. דער אויבערשטער גיט כּוח אַריבערצוטראָגן, ער שיקט די ישועה, מען דאַרף נאָר האָבן אמונה, אמונה אין גאָט, אמונה אין ייִדן.



**ייִנגל**

איצט זײַנען שוין אַלע צרות פֿאַריבער.

**חלפתא**

ווער האָט געזאָגט? עס איז ליגן, צרות, טאַקע באַלד בײַ דער שוועל. (אסתר קומט אַרײַן, זי וואַקלט זיך און האַלט זיך קוים אויף די פֿיס).

**אסתר**

חלפתא!

**חלפתא**

(מיט טיפֿער פֿרייד) אסתר! אסתרל! וואו ביסטו?

**אסתר**

אָט בין איך דאָך, זעסט מיך ניט?

**חלפתא**

(לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ, שטיל.) דער שונא האָט מײַנע אויגן צוגע־נומען. (פּויזע) דו זאָגסט גאָרניט, אסתרקע?

**אסתר**

(פֿאַלט חלפתאן אויפֿן אַקסל, וויינט) — מאָזעס איז געשטאָרבן.

**חלפתא**

געשטאָרבן? — אומזיסט דער קרבן. (הייבט אויף דעם קאָפּ און קוקט אַרויף מיט דינע בלינדע אויגן). גאָט אין הימל, איז עס גערעכט אַזוי? (פּויזע. בייגט צוריק אײַן דעם קאָפּ). ברוך דיין האמת... ייִנגל!

**ייִנגל**

וואָס ווילסטו?

**חלפתא**

בײַ דער טיר ליגט נאָך אַ קרבן, גיי זע ווער איז עס. (דאָס ייִנגל לויפֿט אויף גיך אַרויס. עס פֿאַלט

דער פֿאָרהאַנג

# דריטער אַקט

(עס איז אַ וועלדל ניט ווייט פון דעם קליינעם עלטסטנס זומער־וואוינונג).

(דער הויפּט שפּילער מיט זיין שפּאַקטיוו גייט אויף די שפּיץ פינגער און זוכט אויף דער ערד און אין די קוסטן אַרום).

**הויפּט שפּילער**

ניטאָ, פאַרפאַלן געוואָרן. אָבער איך וועל אים דאָך כאַפּן! דיין עק וועט קומען! (ער גייט אַוועק. עס קומען אַריין קאַטי, וואָס שלעפּט שוראָך פון באַלדאַף ביי דער האַנט. ער האָט גאָר קיין חשק ניט צו גיין מיט איר).

**באַלדאַף**

אָבער, פריילין קאַטי, איך האָב אַ וויכטיקע פּאָליטישע מיסיע.

**קאַטי**

איר מעגט זיך שעמען. בין איך ניט גענוג וויכטיק פאַר אייך? און איך בין אויך פּאָליטיש, נאָך אַזוי פּאָליטיש.

**באַלדאַף**

ניט דאָס מיין איך. עס איז וויכטיק.

**קאַטי**

וויכטיק, שמיכטיק. ווער קען עס אייך ניט יונגעלייט. די צרה מיט אייך איז, וואָס איר זייט אַ קאַלטער לונג־און־לעבער.

**באַלדאַף**

אַז איך האָב קיין צייט ניט. איך מוז אייך זאָגן —

**קאַטי**

(פאַלט אים אַריין אין די רייד) אדרבא, לאָמיך שוין הערן דאָס ריכטיקע וואָרט. עס קריכן מיר שוין די אויגן אַרויס וואַרטנדיק.

**באַלדאַף**

אַז איך מיין ניט וואָס איר מיינט.



**קאַטי**

(קאָקעטיש) יונגערמאַן, גיט אַכטונג. פּטוואָגען ווייסט איר וואָס איך מיין. אויף אַלע מיינע ליבע געזאָגט געוואָרן, וואָס פאַר אַ געדאַנקען איך האָב. איר מוזט מיר מוחל זיין, יונגער הער. איך האָב זיך דאָס אויף אייך ניט גערעכט. איר מיינט צו זאָגן, איך האָב שלעכטע געדאַנקען. געדענקט ווער איך בין.

**באַלדאַף**

(דערשרעקט זיך, נעמט זי אָן ביים אָרעם) אַז איך האָב ניט געמיינט.

**קאַטי**

אָן הענט, יונגערמאַן, ביי מיר קריכט מען ניט באַלד מיט די הענט.

**באַלדאַף**

וואָס טוט מען, — אַז, איך שווער אייך הייליק ביי אַלץ וואָס עס איז מיר טייער, אַז איך . . .

**קאַטי**

אדרבא, אדרבא, לאָזט טאַקע הערן וואָס איז אייך אַזוי טייער? איר זעט ווי איך האָב אייך געפּאַקט.

**באַלדאַף**

איך שווער אייך, איך שווער אייך. (ער וויינט כמעט, פאַלט אויף איין קני).

**קאַטי**

(קוקט אויף אים מיט ליבשאַפט פון אַ זייט) זע, זע, ווי ער צערייסט זיך ממש. נאַריש ייִנגל. ביסטו אַ נאַריש ייִנגל, איך האָב דאָך נאָר געמאַכט שפּאַס. איך האָב נאָר געוואָלט אויסגעפינען צי דו ליבסט מיך טאַקע.

**באַלדאַף**

צי איך ליב אייך?

**קאַטי**

מעגסט מיר זאָגן דו.

**באַלדאַף**

(זייער גאַלאַנט) עס טוט מיר זייער לייד, זייער געערטע און הויכגעאַכטע דאַמע . . .

**קאַטי**

(מיט גרויס נחת) הער אַ לשון, נאָר ווי ביי די גבירים.

**באַלדאַף**

אָבער איך מוז אייך זאָגן דעם אמת . . .

**קאַטי**

נו, זאָג שוין, ווי איז מיר. די נשמה קען דאָך אַרויסקריכן.

**באַלדאַך**

אַז איך ליב אייך — ניט.

**קאַטי**

וואָס? ניט? אוי, ווי איז מיר! (איז באמת געטראָפן פון אַ גרויסן ווייטיק. כאַפּט זיך אָן ביים האַרצן).

**באַלדאַך**

עס טוט מיר זייער לייד.

**קאַטי**

(שטיל) און איך האָב שוין געמיינט, אַז שוין... אפשר צוליב מיין ברודער?

**באַלדאַך**

עס איז אמת. אָבער איר, מיט אייער גרויס האַרץ, וועט אַליין פאַרשטיין, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז מיינע געפילן זיינען שוין פאַרנומען.

**קאַטי**

איך פאַרשטיי ניט. זאָגט מיר, איך בעט אייך, אויף פּראָסט יידיש. הייסט עס אפשר, אַז איר ליבט שוין אַן אַנדערע?

**באַלדאַך**

דאָס וואָס איך מיין.

**קאַטי**

ווי איז מיר... (ווערט אַ ביסל צעמישט).

**באַלדאַך**

(וויל זי אָנכאַפּן, טאָמער פאַלט זי).

**קאַטי**

נישקשה, איך בין ניט פון די וואָס כאַלעשן באַלד. פאַרוואָס האָט איר מיר באַלד ניט געזאָגט?

**באַלדאַך**

(אין גרויס פאַרלעגנהייט) איך... איך...

**קאַטי**

איך ווייס, עס זאָגט זיך ניט. (פאַרטראַכט) פונקט ווען מען דאַרף, זאָגט עס זיך ניט.



**באַלדאַך**

איר ווייסט ניט ווי...

**קאַטי**

איך ווייס, איך ווייס. איר זייט ניט שולדיק.

(דער שפּילער באַווייזט זיך מיט צוויי מחבלים, באַהאַלטן זיך הינטער אַ קוסט) איך וואָלט אייך נאָר וועלן פרעגן איין זאַך.

**באַלדאַך**

פרעגט, איך וועל אויף אַלץ ענטפערן.

**קאַטי**

ווער איז די גליקלעכע, וואָס געפעלט אייך יאָ?

**באַלדאַך**

וועט איר האַלטן דעם סוד טיף באַגראָבן אין אייער איידעלן האַרצן אויף אייביק און אייביק?

**קאַטי**

אויף מיר מעגט איר זיך פאַרלאָזן.

**באַלדאַך**

די קעניגן פון מיין האַרצן איז אַ יידישע — אסתר וויינשטיין.

**קאַטי**

(מיט פרייד) אונדזער אסתרקע? — אַ טייער קינד. ניט?

**באַלדאַך**

דאָס מוז בלייבן אַן אייביקע געהיימניש.

(דער שפּילער מיט דינע צוויי מחבלים קומען אַרויס).

**שפּילער**

אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד.

**קאַטי**

גאָט מיינער!

**שפּילער**

איך און מיינע צוויי אַרויסהעלפערס האָבן עס געהערט פון דיין אייגן מויל. דו האָסט געשענדעט אונדזער ראַסע און האָסט באַליידיקט אונדזער פירער. פאַרנעמט אים.

**קאַטי**

איר נעמט ניט דערוויל. און איר מעגט זיך שעמען אין אייער ווייטן האַלדז אַריין. אַ דערוואַקסענער מענטש זאָל אויך גלייבן אין נאַרישקייטן. ראַסע, שמאַסע, דריי מיר אַ לעטניק. איר קענט דאָך אונדזער

חברה, באַלד מאַכט מען כיק. וואָלט איר וועלן, אַז צוליב אַ כשרער ליבע זאָל מען אַ יונגן בוים אונטערהאַקן די יאָרן?

שפּילער

אונדזערע אידעאַלן שטייען העכער פון אַלץ!

קאַטי

אַט האָסטו דיר אַ נייע קרענק, אידעאַלן. ווער בעט אײַך, ווער דאַרף עס. גייט אַהיים און פאַרגעסט וואָס איר האָט געהערט. טוט עס מיר צוליב, איך וועל אײַך אַמאָל אָפּטאָן אַ טובה.

שפּילער

פליכט, איז פליכט. מענער, טוט אייער פליכט. אַרעסטירט אים.(די מחבלים נעמען ביי שוראַכן צו דעם שווערד).

קאַטי

באַטראַכט וואָס איר טוט.

באַלדאַף

עס איז אומזיסט. פריילין קאַטי, דאָס איז מיין גרעסטער שונא.

שפּילער

אַלע דריי, מאַרש! (די מאַרשירן אַוועק).

קאַטי

איך וואָלט נאָר וועלן וויסן איין זאַך: אַז מען האָט קיין מזל ניט, צו וואָס דאַרף מען יאָרן? (זינגט).

1

אוי, אַ טרויעריקע ליבע, האָב איך אָפּגעשפּילט,
אָפּגעשפּילט, — אוי ווי איז מיר! — און אויף אייביק פאַרשפּילט.
ווי אַ פייל פונעם בויגן,
וואָס איז ניט דערפלויגן,
געפאַלן אין מיטן וועג און פאַרזונקען אין דער ערד.
מיין געיאָמער, מיינע טרערן
וועט קיינער שוין ניט הערן,
איינזאַם וועל איך בלייבן, ווייל אַזוי איז מיר באַשערט.

2

ווי אַ וואַנט אַ געמויערטע, האָט זי זיך געשטעלט,
אַוועקגעשטעלט זיך צווישן אונדז און אָפּגעהאַקט מיין וועלט,
אַ זיפץ אַ פאַרלאַנגען,



וואָס איז ניט דערגאַנגען.
פאַרשטומט אין מיטן וועג און פון קיינעם ניט געהערט.
מיינעליידן און מיין בענקען
וועלן מיך אַליין נאָר קרענקען,
איינזאַם וועל איך בלייבן, ווייל אַזוי איז מיר באַשערט.

3

מיין יוגנט איז פאַרגאַנגען, מיין שאָנהייט איז פאַרבליט,
די הויט איז מיר געקאַרטשעט שוין, די אויגן זיינען מיד.
אָפּגעלעבטע יאָרן
פאַרגעסן געוואָרן,
מיין האַרץ איז צעטראָטן, מיין גליק איז צעשטערט,
אַ ליבע אַ ניט געליבטע,
אַ טרויעריקע, אַ באַטריבטע,
איינזאַם וועל איך בלייבן, ווייל אַזוי איז מיר באַשערט.

4

מיין האָפנונג איז געשטאָרבן, מיין האַרץ איז פאַרוויסט;
וואָס טויג מיר נאָך דאָס לעבן, אַז איך בין אים פאַרמיסט.
אַ ליד וואָס האָט געקלונגען,
פון שטילקייט פאַרשלונגען,
אַ ליבע האָט מיין לעבן אויף אייביק צעשטערט.
אַ בלימעלע, אַ צאַרטע,
בלייבט ליגן אַ פאַרדאַרטע,
איינזאַם וועל איך בלייבן, ווייל אַזוי איז מיר באַשערט.
(זי גייט אַרויס)

(עס בייט זיך די סצענע)

(אין לאַנד גייט שוין אָן די מלחמה איצט אויף אַלע פראָנטן, דאָס איז דער לאַגער פונעם עלטסטן, ווייט פון אַלע פראָנטן. עס געפינען זיך אויף דער בינע דער עלטסטער, דער קנאַקער, דער ריידער, דער שפּילער, דער מיניסטער, דער יעדנעראַל, דער טראַכטער, עטלעכע אָפיצירן און אַ טייטש, שווער באַוואָפנט, וואָס שטייט ביי דער טיר).

**עלטסטער**

זיינען די אַרמייען גרייט, הער יעדנעראַל ?

**יעדנעראַל**

גרייט, אדוני עלטסטער.

**עלטסטער**

(צום ריידער) און די פרידנס שלוחים ?

**ריידער**

אַלץ באַזאָרגט און ספּעציעל שלום־אינטערוויוס, אין די צייטונגען פון אומעטום, ווערט זיך מאָרגן הערן פרידן.

**הויפּט יעדנעראַל**

(אין דער שטיל צום מיניסטער) נאָר פון איין פּלאַץ וועט זיך הערן מלחמה.

**קנאַקער**

(צום עלטסטן אין דער שטיל) האָסט געזען, אדוני עלטסטער ? (הויך) איז נאָך פאַראַן איין קלייניקייט, די אפּערע באַלדאַך.

**עלטסטער**

ברענגט אים אַריין.

**טייטש**

(שרייט אויס) שוראַך פון באַלדאַך ! (צוויי טייטשן פירן אַריין שוראַך פון באַלדאַך אין קייטן).

**עלטסטער**

וואָס איז די קלאַגע קעגן אים ? (קאַטי באַווייזט זיך אין אַ טיר).

**שפּילער**

אדוני עלטסטער, העכסטער פון אַלע ! איך הייב אויף . . .

**עלטסטער**

קורץ, קורץ.

**קנאַקער**

וואָס טויג דיר אַזויפיל לשון ? — ער האָט געשפּילט אַ ליבע מיט אַ יידישער מויד.

**אַלע**

אָט דאָס איז אַ שאַנדע ! — אומדערהערט — אַזאַ פאַרברעכן. — דאָס איז אַ פאַרראַט.



**שפּילער**

אַחוץ אַלעמען, איז ער אַליין גאָר אַ פאַרשטעלטער ייד. זיין אמתער נאָמען איז ניט שוראַך פון באַלדאַך, נאָר באָרוך פון שולדאַך.

**אַלע**

הער — הערט —

**עלטסטער**

שיסט אים.

**קאַטי**

(שפּרינגט אַרויס) אדעשע, קריון, מיר צוליב, טו עס ניט.

**עלטסטער**

דו דאַרפסט זיך אַריינמישן. פירט אים אַוועק, איך וועל אייך שוין לאָזן וויסן דעם אורטייל.

**קאַטי**

אַבי ניט שיסן.

**עלטסטער**

נו, ניט שיסן. און שטערט מיך ניט איצט. (קאַטי גייט אַרויס) איצט, מיינע פריינט, גייט יעדער צו זיין אַרבעט.

**קנאַקער**

איך וואָלט וועלן אַלעמען פאַרבעטן צו מיר פאַר אַ טרונק און אַ צובייס, ווייל עס זיינען נאָך פאַראַן געוויסע קלייניקייטן צוצוגרייטן. (די גייען אַרויס הינטערוויילעסטס. דער קנאַקער קומט באַלד צוריק).

**עלטסטער**

שנעל ! דערצייל !

**קנאַקער**

די גענעראַלן האָבן איצט אַן אַרמיי מאַרשירנדיק אַהער. מיר זיינען שוין פאַראורטיילט און זיי וועלן איבערנעמען די ממשלה. דאָס לאַנד איז דורכגעפרעסן מיט שונאים.

**עלטסטער**

וואָס וועסטו טאָן ?

**קנאַקער**

די גענעראַלן האָב איך שוין פאַרזאָרגט. דערפאַר האָב איך זיי פאַר־בעטן. זיי און דעם מיניסטער.

**עלטסטער**

גוט. און דעם פאָלק דאַרף מען פאַרשטאָפּן דאָס מויל. גיב אַרויס אַ

גזרה, אַז אין אַ געווּיסן טאָג זיינען די יידן הפקר. דאָס פאָלק קען זיי אויסקוילענען און באַראַבעווען.

**קנאַקער**

אַ גאָלדענער פּלאַן. ווען עס וואָלטן נאָר זיין מער יידן, וואָלט נאָך בעסער געווען. ווייל עס וועט ניט סטאַיען פאַר אַלעמען.

**עלטסטער**

דערביי בלייבט עס.

**קאַטי**

(באַהאַלטן הינטער אַ פאַרהאַנג) מאַמע געטרייע, עס איז דאָך אַ חילול השם. איך מוז לויפן וואָרענען די יידן. (זי גייט אַוועק).

**טייטש**

אַ שליח.

**קנאַקער**

לאָז אים אַריין. (עס קומט אַריין אַ פאַרשטויבטער סאָלדאַט).

**עלטסטער**

וואָס פאַר אַ נייס האָסטו ?

**שליח**

עס מאַרשירן סאָלדאַטן אויף אונדז פון אַלע זייטן.

**עלטסטער**

פונוואַנען ווייסטו דאָס ?

**שליח**

איך האָב נאַרוואָס געקראָגן ידיעות פון אַלע שפּיאָנען.

**עלטסטער**

שני לעלטסטער, טו דייך פליכט. (צום שליח) דו קענסט שוין גיין. (שליח גייט אַוועק). יאָ, וועגן דעם יונגן באַלדאָך. שיסט אים ניט, נאָר הענגט אים.

**קנאַקער**

צו באַפעל... (ער סאַלוטירט און גייט אַרויס. פאַר דער צייט שטייט דער עלטסטער זייער אַנגעצויגן. דאָ הערט זיך דאָס שיסן פון אַ מאַשין־ביקס. עס פּראַשעט זיך אָפּ דאָס רעקל, גלייכט אויס די האָר און גייט אַרויס).

(עס ווערט פינצטער)



(די סצענע איז ווידער ביי ר׳ מרדכין אין הויז. עס איז שוין אָבער ניט דאָס הויז פון אַ גבירישן יידן, און דער עולם, וואָס איז פאַרזאַמלט, איז אויך אַן אַנדערער. ר׳ מרדכי אַליין איז נאָך אַלץ אין תפיסה און מיט אים זיינען כמעט אַלע מענער פון דער קהילה, אַחוץ די גאָר אַלטע און די ווייבער, וואָס זיינען געקומען צו דער אסיפה. אסתר זיצט אויבנאָן און לעבן איר אַ משולח פון אויסלאַנד).

**אַן אַלטינקער**

נו, נו, וואָס איז מען געקומען ? אַז מען רופט אַן אסיפה, אויף וואָס זשע ?

**אַנדערע אַלטע**

טאַקע, טאַקע, קאַרג אַרבעט פאַראַן. אַלץ אויף אונדזערע הענט.

**אסתר**

קען זיין, מען זאָל נאָך קומען.

**אַלטינקער**

פונוואַנען זאָל זיך נעמען ? מען זיצט אין די לאַגערן, זיצט מען.

**אסתר**

מיינע ליבע יידן. ניט חלילה, וואָס איך וויל פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון מיין פעטער, דעם פירער פון דער קהילה, נאָר מיר האָבן אַ גאַסט דאָ, און דאָס מוז בלייבן אַ סוד. עס איז געקומען צו אונדז אַ משולח פון אויסלאַנד, וואָס אונדזערע ברידער האָבן צו אונדז געשיקט.

**דער משולח**

(רעדט און פאַלט אַריין אין דעם טאָן פון אַ מגיד) מיינע טייערע ברי־דער, יידן פון לאַנד אשכנז. צעוואָרפן זיינען אונדזערע ברידער איבער אַלע לענדער פון דער וועלט., ווי די איינצלנע גלידער פון אַ צעהאַקטן גוף. אַזוי מיינען אונדזערע שונאים, ימח שמם. זיי מיינען, אַז ווען זיי וועלן שניידן איין גליד, וועט דער צווייטער גליד ניט וויסן. אָבער אונדזערע שונאים ווייסן ניט, אַז אין די אַלע גלידער לעבט איין נשמה. שניידט מען איין אבר, ליידט דער גאַנצער גוף פון דעם ווייטיק. האָבן מיר, די יידן אין די פרייע לענדער, זיך דערוואוסט, פון סוחרים וואָס פאָרן אויף ירידן, אַז ביי אייך אין אשכנז איז אויפגעשטאַנען אַ נייער המן, להשמיד ולהרג את כל בני ישראל, ניט דערלעבן זאָל ער עס.

האָבן מיר, די יידן אין די פרייע לענדער, געהאַלטן אַן אסיפה און באַשלאָסן צו העלפן די יידן פון אשכנז.

**יידן**

מיט וואָס, מיט וואָס? — וואָס קען איר טאָן פאַר אונדז? — קיינער קען אונדז ניט העלפן. — מיר ווילן ניט אַז פרעמדע זאָלן זיך אַריינמישן.

**אַנדערע**

שאַט! לאָזט הערן! אדרבא, אדרבא, לאָזט.

**משולח**

ראשית, וואָלט איך וועלן וויסן, ווי האַלט עס דאָ ביי אייך?

**אסתר**

ווי זאָל עס האַלטן? עס איז ביטער, און עס ווייזט ניט אויס אַז עס זאָל ווען ווערן בעסער.

**משולח**

מיר האָבן געהערט וועגן אַ גרויסן צדיק ביי אייך, אַ בחור, איינעם אַ חלפתא.

**יידן**

חלפתא, דער הייליקער חלפתא.

**משולח**

ביי יידן זאָגט מען ניט אַזוי. ער איז אַן איש תם. וואו איז ער?

**אסתר**

ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

**יידן**

די שונאים האָבן אים געמוזט דערהרגענען.

**משולח**

איז, פאַרט, ווי האַלט עס דאָ ביי אייך? ווי האַלט עס ביי זיי?

**איינער**

אַט וואָס: דער עולם איז אַ גולם. מען זאָגט זיי די יידן זיינען שולדיק אין אַלדאָס בייז, גלייבן זיי. קיין פריינט צווישן זיי האָבן מיר ניט.

**משולח**

אויב אַזוי, ווי אַזוי קען עס בעסער ווערן?

**אסתר**

מען הערט אַנדערע נייס אויך. מען דערציילט זיך, אַז עס גייט אַרום אין די דערפער און אויף די וועגן אַן אַלטער בלינדער בעטלער מיט



אַ ליערווע, וואָס זינגט לידער פאַרן פאָלק — אַז עס וועט קומען דער יום־הדין און אַלע רשעים וועלן פאַרטיליקט ווערן. אונדזערע שונאים מיינען, אַז ער מיינט דאָס די יידן. אָבער ביים פאָלק וואַקסט אַ געפיל פון אומרו, און מען זוכט ביי זיי די אמתע רשעים.

**משולח**

ווער איז דער בלינדער בעטלער?

**אסתר**

קיינער ווייסט ניט.

**אַ ייד**

אפשר איז עס אליהו הנביא.

**משולח**

אַלץ איז מעגלעך. (עס דערהערט זיך קלאַפּן אין דרויסנדיקער טיר. אַלע בלייבן שטיל).

**משולח**

ניט געשראָקן זיך. מען דאַרף נאָר ניט ענטפערן. (מען קלאַפּט אין פענצטער).

**יידן**

די מחבלים.

**אסתר**

לאָמיר זיך ניט פאַרלירן. איך בין די באַלעבאָסטע, איך וועל גיין זען ווער עס איז. (קוקט אַרויס דורך אַ שפּאַרע אין פענצטער) עס איז אַן אַלטער מאַן מיט אַ ייִנגל. ער טראָגט אַ ליערווע.

**יידן**

דאָס איז דער בלינדער בעטלער! לאָזט אים אַריין! ניט אַריינלאָזן, — דאָס איז אַ שפּיאָן!

**משולח**

מען דאַרף זיין פאַרזיכטיק. (דאָס קלאַפּן איז גאַנץ שטאַרק).

**אסתר**

אַ שונא, צי אַ פריינט, מען וועט מוזן אויפמאַכן די טיר. (זי מאַכט אויף די טיר. עס קומט אַריין דער בלינדער בעטלער אַליין).

**בעטלער**

דו ביסט עס, אסתרקע? — וואו ביסטו ערגעץ, ייִנגל? (דאָס ייִנגל קומט אַריין).

**אסתר**

חלפתא!

**חלפתא**

יע, דאָס בין איך עס.

**אַלע**

חלפתא! אַ נס!

**חלפתא**

נאַרישקייטן. וואו איז דער משולח? פיר מיך צו, יינגל, איך וויל געבן שלום צו אַ יידן. (יינגל פירט אים צו). שלום עליכם.

**משולח**

עליכם שלום. יידן האָבן דערציילט וועגן אייך.

**חלפתא**

שטותים. דערציילט וואָס אונדזערע ברידער אין אויסלאַנד ווילן טאָן פאַר אונדז.

**משולח**

מען האָט מיר דערציילט וועגן נייע דעות, וואָס הייבן זיך אָן באַווייזן אין פאָלק.

**חלפתא**

די נייע דעה איז דער הונגער. דאָס פאָלק הונגערט. אָבער דעם אמתן בראָך ווייסן מיר נאָך ניט. דער אמתער בראָך איז די מלחמה.

**אַלע**

(מיט שרעק) מלחמה!?

**חלפתא**

שרעקט זיך ניט, דערוויל. די מושלים פון לאַנד האָבן זיך צוגעגרייט צו באַפאַלן זייערע שכנים אומגעריכט און מיט דעם אַרויסרופן אַ מלחמת גוג ומגוג. אָבער די שכנים זיינען אויך גרייט.

**משולח**

קען דאָך געמאָלט זיין, זיי זאָלן כאַפּן אַ גיכע מפלה?

**חלפתא**

עס קען אָבער אויך געמאָלט זיין, זיי זאָלן זיך פאַרגלייכן מיט זייערע שונאים און דערנאָך אויסלאָזן דעם כעס אויף אונדז, און אונדז חרוב מאַכן.



**משולח**

יידן, עס ליגט אַ טיפע חכמה אין די רייד. מיר יידן קענען זיך נאָר רעכענען מיט זיך אַליין. מיר האָבן ניט קיין פריינט אַחוץ זיך אַליין. טאָקע דערפאַר וויל איך איבערגעבן די שליחות פון די יידן פון דער וועלט. (ער פאַלט אַריין אין אַ מגידישן טאָן) די יידן פון דער וועלט גלייבן, עס איז שוין גענוג פאַר אונדזער פאָלק צוליידן אין דער פרעמד. וויפל איז טאָקע דער שיעור? און עס איז שוין צייט, אַז די בני ישראל זאָלן זיך אומקערן אַהיים, צו דער מוטער ציון, וואָס זיצט און טרויערט נאָך אירע פאַרלוירענע קינדער.

**פון עולם**

מיר זאָלן זיך אַלע אומקערן קיין ציון?

**משולח**

צוריק אַהיים.

**אַן אַלטער ייד**

רבונו דעלמא כולא, איך דאַנק דיר וואָס דו האָסט געלאָזן מיך צו דער־לעבן דאָס. יידן, עס איז משיחס צייטן.

**יידן**

משיח־צייטן! — מיר גייען קיין ירושלים! — אַהיים קיין ציון. ימות המשיח!

**משולח**

גענוג זיך אַרומגעוואַלגערט אין דער פרעמד. וואָס זאָגט איר, ר׳ חלפתא?

**חלפתא**

(מיט אַ פאַרקלערטן שמייכל) דאָס איז ירושלים, די הייליקע שטאָט?

**משולח**

ירושלים, די הייליקע ירושלים.

**חלפתא**

(שאָקלט זיך) מאַמע מיינע געטרייע, וואָס פאַר אַ טייערע שטאָט. אמת, זי ליגט אין גויאישע הענט?

**משולח**

דערוויל.

**חלפתא**

מען דאַרף זי אָפּנעמען פון די גוים. עס איז אונדזער שטאָט. און ציון, און הר הצופים, און הר גריזים, דעם הר הלבנון, און דעם הייליקן טייך

ירדן. (ער רעדט צו זיך אַליין מיט דעם קאָפּ איינגעבויגן ווי אַ בלינדער) עס איז גוט ירושלים. תתגדל, וועסט געגרויסט ווערן, ותתקדש, און וועסט געהייליקט ווערן, בתוך אין ירושלים. איינער האָט געהייסן ירושלים, עירך, דיין שטאָט. עס ווערט גוט אויפן האַרצן — הערט, אין דעם ירושלים זיינען פאַראַן יידן ?

**משולח**

פאַראַן, נאָר ווייניק.

**חלפתא**

איך פאַרשטיי, עס וועלן זיין יידן. עס וועלן זיין נייע יידן, ווי יעקב אבינו, ווי משה רבנו, ווי דוד המלך, ווי שמעון (דערמאָנט זיך אָן חדר, זאָגט מיט אַ ניגון) : שמעון ולוי אחים, שמעון ולוי זיינען געווען ברידער — מיט אַ מלוכה אָן אייגענער, גאָר אַ נייער סאָרט יידן.

**משולח**

אַ פאָלק מיט לייטן גלייך.

**חלפתא**

גוט, גוט — גאָר גוט — און וואָס טוט מען מיט מיינע יידן ? מיינע אָרעמע יידישע יידן. זיי זיינען גלאָט יידן אָן חכמות. וואָס זאָל איך טאָן, אַז מיין האַרץ גייט מיר אויס נאָך מיינע יידישע יידן. האָבן זיי ניט קיין לאַנד. וואו שטייט עס געשריבן, אַז מען מוז האָבן אַ לאַנד ? אַיי די גוים האָבן, דערויף זיינען מיר דאָך עפּעס יידן.

**ייד**

און וואָס איז מכוח די מאַטערנישן און צרות וואָס מיר ליידן ?

**חלפתא**

(אין כעס) וואָס פאַר אַ מיוחסים זייט איר עס ? ווען האָבן עס יידן ניט געליטן ? אַזוי ליידט מען, אַזוי לעבט מען. (פּויזע) גייט מיט מזל אויב איר ווילט גיין, איך בלייב דאָ מיט מיינע יידן. (ווידער קלאַפּט מען איר טיר־ גיי עפן אסתרקע, עס איז ניט קיין שונא. אַ שונא קלאַפּט אַנדערש. (אסתר מאַכט אויף די טיר און קאַטי פאַלט אריין אין איין אָטעם).

**אסתר**

קאַטי !

**קאַטי**

יידעלעך טייערע, איך בין געלאָפן איך וואָרענען, געוואַלט. ראַטעוועט



זיך ! עס איז שרעקלעך, שרעקלעך ! ראַטעוועט זיך אַזוי גיך ווי מעגלעך.

**חלפתא**

וואָס איז געשען ?

**קאַטי**

איך וויל זיי ניט קענען מער. זיי זיינען רשעים, מיין ברודער מיט זיינע מחבלים, זיי זיינען מערדערס.

**חלפתא**

זאָג שוין וואָס.

**קאַטי**

זיי האָבן באַשלאָסן צו לאָזן פריי דאָס ווילדע פאָלק דעם פערצנטן פון דעם חודש, וויי איז מיר ! זיי זאָלן אויסקוילענען אַלע יידן. וואָס טוט מען, וואָס טוט מען ?

**חלפתא**

פונוואַנען ווייסטו ?

**קאַטי**

איך האָב עס געהערט פון זיין אייגן מויל.

**חלפתא**

יידן, עס איז אַ שלעכטע בשורה. עס איז אַפילו ניטאָ קיין צייט צו אַנטלויפן. וואָס זאָגט איר, משולח ?

**משולח**

מען מוז גאָט בעטן.

**קאַטי**

בעטן, וועמען ? אָט די מחבלים ? זיי זיינען אַליין אויף צרות און ווילן זיך ראַטעווען מיט די יידישע צרות.

**חלפתא**

מוז מען וואַרטן — וואַרטן און טאָן — טאָן תפילה.

**די יידן**

זאָל מען גוזר תענית זיין ?

**אַנדערע**

ווער זאָל עס גוזר זיין ?

**חלפתא**

זאָל אסתר גוזר תענית זיין. זיי גוזר, אסתר. (עס ווערט שטיל). (פּויזע. אַלע וואַרטן אויף אַ וואָרט פון איר).

**אסתר**

איך בין גוזר, אַז אין דעם דרייצנטן טאָג פון דעם חודש זאָלן אַלע ייִדן און ייִדענעס איבער דרייצן יאָר אַלט פאַסטן פון אינדערפרי ביז נאָכדעם ווי די זון גייט אונטער.

**חלפתא**

קאַטי — דו גיי צוריק צו דיין ברודער.

**קאַטי**

איך וויל זיך צו זיי מער ניט אומקערן.

**חלפתא**

דו מוזט.

**קאַטי**

אַט גיי איך שוין. (זי גייט אַרויס).

**חלפתא**

ייִנגל, וואו ביסטו מיט מיין ליערוועו?

**ייִנגל**

אַט בין איך, חלפתא.

**חלפתא**

קום... (זיי גייען ביידע אַרויס. עס ווערט פינצטער. עס הערט זיך קלאַפּן אין דער טיר און אַ קול: מאַכט אויף, איר פאַרדאַמטע ייִדן).

(די סצענע האָט זיך געביטן. עס איז דער וועג הינטער דער שטאָט. ליניקס, כמעט אינגאַנצן פאַרנט, שטייען עטלעכע שטאַרקע ביימער. אויף יעדן בוים איז פאַראַן אַ תליה אָדער צוויי. אינאיינעם זעט מען אויף די ביימער פינף תליות הענגען. אַלע אין איין ריי. צוויי טייטשן, איינער אַ פעטיגער און אַ קורצער, און איינער אַ לאַנגער און אַ דאַרער, קומען און פירן צווישן זיך שוראַך פון באַלדאַך אויף אַ שווערער קיים, מיט אַ גיטאַר אריבערגעהאַנגען איבער דער פּלייצע).

**דער מאָגערער**

ווי זאָגסטו, הייסטו!?

**באַלדאַך**

שוראַך פון באַלדאַך.

**דער פעטער**

פון בלאַדאַך?



**באַלדאַך**

יאָ, פון באַלדאַך, טאָ איז וואָס?

**פעטער**

(שיסט אַרויס אַ געלעכטער און קען זיך ניט איינהאַלטן).

**מאָגערער**

(ווייזט מיטן פינגער אויפן שטערן) משוגע...

**באַלדאַך**

ניט אַנדערש.

**מאָגערער**

וואָס האָסטו זיך אַזוי צעלאַכט?

**פעטער**

(נאָך אַלץ לאַכנדיק) עס איז מיר איינגעפאַלן אַ לידל,
באַלדאַכין, דו ווייסט דאָך אַ באַלדאַכין, וואָס איבערן קאָפּ?
טאָ גייט דאָס לידל: באַלדאַכין, באַלדאהער
ניט אַהין און ניט אַהער.
(לאַכט) ווייל ער — ווייל ער (אַ באַוועגונג איבערן האַלדז)
באַלדאַך הער און באַלדאַך הין,
גייסטו באַלד אַוועק אַהין. (לאַכט).

**מאָגערער**

מעגסט זיך שעמען. דאַרפסט אים נאָך זאָלצן די וואונדן.

**פעטער**

דאַרפסט ניט האָבן פאַראיבל. ווען מען זאָל ניט אַמאָל אַ לאַך טאָן ביי דער פּראָפעסיע, וואָלט מען דאָך... (לאַכט).

**מאָגערער**

(שמייכלט אויך אַ ביסל) דו מיט דיינע שטיק.

**פעטער**

אַט דאָ דינען מיר שוין ביי די תליות. אופ־האָ! — (ווישט זיך דעם דעם שוויס.)

**באַלדאַך**

(צעוויינט זיך אויף אַ קול).

**פעטער**

וואָס וויינסטו, נאַר איינער?

**באַלדאַך**

וואָס דען זאָל איך, ניט וויינען?

**מאַגערער**

דיר איז גרינג צו ריידן. דאָס גליק וואָס שטייט אים פאַר.

**פעטער**

(היצט זיך) און איך זאָג דיר, אַז עס שוין גאָר אַ גליק. שטעל דיר פאָר, ווען מען שטעלט אים אַוועק ביים ווענטל. נו, וואָס וועסטו איצ־טער זאָגן ?

**באַלדראַך**

אַ שיין גליק. אויף אַלע מיינע שונאים, מ'שטיינס געזאָגט. די בושה, און היינט דער ווייטיק.

**פעטער**

וואָס טויגן די טענות ? דו קריך נאָר אַרויף און זע צי די צוויגן זיינען שטאַרק גענוג. ער איז, קיין עין הרע, אַ שווערער בחור, און ביי מיר געהאַנגען איז געהאַנגען.

**מאַגערער**

(דראַפּעט זיך אַרויף, ער איז שוין צווישן די צווייגן).

**פעטער**

(שרייט אַרויף) נו, וואָס הערט זיך ?

**מאַגערער**

עס וועט גיין אַ גאַנג.

**פעטער**

נו, קום אַרונטער, די צייט שטייט ניט. (בשעת דער מאַגערער קריכט אַרונטער) פאַרוואָס האָט מען דיר דאָס געגעבן הענגען, יונגערמאַן ?

**באַלדראַך**

פאַר אַ ביאָלאָגישע זינד.

**פעטער**

איך ווייס. דאָס איז וועגן סטרייקס. נו, ווער האָט דיר געהייסן זיין אַ נאַר ?

**באַלדראַך**

איך מיין ראַסן־שענדונג.

**פעטער**

אָ, דו האָסט דערציילט פרעמדע צייטונגסלייט.

**באַלדראַך**

(אומגעדולדיק) דאָס איז ניט ראַסן־שענדונג.



**פעטער**

דו ווילסט מיר דערציילן ? דו האָב בעסער דרך־ארץ. דו ווייסט ווער איך בין ? איך בין דאָס דער תליה־פירער, ניט ער. (דער מאַגערער קוקט אַרונטער) אַלץ ווייסט ער, מיינט ער. מיר האָבן שוין געזען אַזוינע חכמים.

**מאַגערער**

כסדר נאָר דו האָסט אַרגומענטן. לאָמיר בעסער אָנגיין מיט דער אַרבעט.

**פעטער**

איצט קום אַהער, יונגערמאַן, — עס טוט מיר זייער לייד, אָבער פליכט איז פליכט.

**באַלדראַך**

(אין אַ פּאַוזע) איך גיי, ווייל דאָס איז מיין פליכט. דער עלטסטער האָט געהייסן, גיי איך.

**פעטער**

דער עלטסטער אַליין ? טיאַ, טיאַ, אַזאַ כבוד !

**באַלדראַך**

אָבער איך פּראָטעסטיר.

**פעטער**

דו ביסט ניט דער איינציקער, אַלע פּראָטעסטירן. נו, דערלאַנג שוין אַהער דעם קאָפּ. (זיי פאַרוואַרפן דעם שטריק און ציען אים אַרויף) עה — עה — אַ שווערער בחור.

**באַלדראַך**

(וואַרפט אַ קוש אין די לופטן) לעבע וואָל מיין אסתר, איך שטאַרב פאַר דיר.

**פעטער**

הויך גענוג, אָדער ווילסטו העכער ?

**באַלדראַך**

דאָס איז הויך גענוג. אַ דאַנק.

**פעטער**

פאַרבינד. (דער מאַגערער פאַרבינדט דעם שטריק און ביידע קוקן אַרויף אויף זייער שטיק אַרבעט) נישקשה.

**מאַגערער**

האָסטו עפּעס אַנצוזאָגן? אפשר אַ לעצט וואָרט?

**באַלדאַך**

(מיט גדלות) איך האָב געזאָגט מיין לעצט וואָרט.

**מאַגערער**

נו, מילא, ווי דו פאַרשטייסט.

**פּעטער**

מיר גייען שוין אַוועק. הער זשע, מאַך ניט קיין פוילע שטיק. געדענק,
ווען מיר קומען צוריק אַהער, מוזטו שוין זיין פולשטענדיק טויט.
(גייען אַוועק)

**באַלדאַך**

עס שטייט מיר ניט אָן דיר אַפילו צו ענטפערן.
אַ, וואָס פאַר אַ ווייטיק! וואָס פאַר אַ ווייטיק! (זינגט)

1

עס איז מיר אַ ווייטיק, וואָס איך הענג דאָ אַ געהאָנגענער.
אַ ווייטיק איז מיר, וואָס איך הענג דאָ איינער אַליין,
אַ ווייטיק איז מיר, וואָס איך הענג דאָ איינער אַליין.
ניט וואָס איך בין שרעקעדיק און האָב מורא אין דער פינצטער,
נאָר, וואָס איך קען ניט ליגן און ניט זיצן און ניט שטיין.

איר זעט דאָך אַלע אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך בין, אַז ווייִ איז
צו מיר. ווי קען איך ליגן, אַז איך הענג גאָר.

2

ס'איז ניט אַזוי דער ווייטיק, ווי די גרויסע שאַנדע
צו מאַכן מיט די פיס און ניט קענען מיט זיי גיין,
צו מאַכן מיט די פיס און ניט קענען מיט זיי גיין.
ניט וואָס איך בין שעמעוודיק און באַהאַלט זיך פאַר מענטשן,
נאָר וואָס איך קען ניט ליגן ,ניט זיצן און ניט שטיין.
ניט וואָס איך בין שעמעוודיק און באַהאַלט זיך פאַר מענטשן,
נאָר וואָס איך קען ניט ליגן, ניט זיצן און ניט שטיין.

היינטיקע צייטן קען מען זיך אויף קיינעם ניט פאַרלאָזן, ניטאָ
קיין אמתע פריינט, אויסגעשטאָרבן.



3

מיינע חברים האָבן מיך פאַרלאָזן,
זיי האָבן מיך פאַרקויפט כאָטש געטריי בין איך געווען,
זיי האָבן מיך פאַרקויפט כאָטש געטריי בין איך געווען.
ס'איז ניט אַזוי דער ווייטיק וואָס זיי האָבן מיך פאַרראַטן,
נאָר וואָס איך קען ניט ליגן, ניט זיצן און ניט שטיין.
ס'איז ניט אַזוי דער ווייטיק וואָס זיי האָבן מיך פאַרראַטן,
נאָר וואָס איך קען ניט ליגן, ניט זיצן און ניט שטיין.

מענטשן דאַרפן זיך פון מיר אַרויסנעמען אַ משל: אַט דאָס ווערט
פון אַ בחור, אַז ער גיט זיך אָפּ מיט ליבעס.

4

אַ ליובע אַ טרויעריקע האָט דאָך מיך באַגראָבן,
באַגראָבן בין איך זייט איך האָב די יידישקע דערקענט,
באַגראָבן בין איך זייט איך האָב די יידישקע דערקענט.
ס'איז ניט אַזוי דער ווייטיק וואָס איך האָב זי ניט געקראָגן,
נאָר וואָס איך קען ניט ליגן, ניט זיצן און ניט שטיין.
ס'איז ניט אַזוי דער ווייטיק וואָס איך האָב זי ניט געקראָגן,
נאָר וואָס איך קען ניט ליגן, ניט זיצן און ניט שטיין.

אַזאַ יונגער בוים, און שוין הענג איך אויף דער תליה, פאַרוואָס
פרעג איך, פאַרוואָס?

5

ווי פינצטער איז מיין דאָליע! צי וועל איך נאָך דערלעבן,
צו זען מיינע שונאים צו דער תליה גיין.
צו זען מיינע שונאים צו דער תליה גיין.
ניט וואָס ס'איז מיר אומעטיק צו הענגען דאָ אָן איינציגער,
נאָר וואָס איך קען ניט ליגן, ניט זיצן און ניט שטיין.
(לעצטע פערז ווידערהאָלונג).

6

מסתמא וועל איך שטאַרבן, אַזוי איז שוין דער שטייגער,
אַ געהאָנגענעם האָט לעבעדיק נאָך קיינער ניט געזען,

אַ געהאַנגענעם האָט לעבעדיק נאָך קיינער ניט געזען.
איך קען נאָר ניט באַגרייפן, פאַרוואָס אַ געהאַנגענער
זאָל ניט קענען ליגן, ניט זיצן און ניט שטיין;
איך קען נאָר ניט באַגרייפן, פאַרוואָס אַ געהאַנגענער
זאָל ניט קענען ליגן, ניט זיצן און ניט שטיין.
(ער ווערט אַנטשלאָפן און שנאַרכצט גאַנץ געשמאַק).

(די סצענע בייט זיך)

(עס איז אין פעלד בשעת דער מלחמה. דער עלטסטער שטייט ביים שרייב־טיש און הערט זיך גאַרניט איין וואָס דיין שוועסטער קאַטי זאָגט אים). (אַ טייטש שטייט ביי דער טיר).

**קאַטי**

אדעשע, קרוין, טאַטעלע, האָב רחמנות.

**עלטסטער**

(נאָך אַ פויזע) וואו זיינען זיי? איך מוז וויסן וואָס עס טוט זיך! הער נאָר דו, וואַכמאַן, אַזוי גיסטו אַכטונג אויף דיין אַרבעט? מיט אַ שטונדע צוריק האָב איך געזאָגט, אַז איך מוז האָבן רעפּאָרטן פון פעלד.

**טייטש**

אדוני עלטסטער, אַז איך האָב פאַרלאַנגט, מען האָט נאָך ניט געבראַכט.

**עלטסטער**

(אויף אַ קול) רעפּאָרטן זאָלן ווערן! (טייטש גייט אַרויס, דער עלטסטער רעדט צו קאַטין) דו פאַרשטייסט ניט וואָס דאָ טוט זיך. (נעמט זי צו דער לאַנדקאַרטע) זעסט, אָט האָסטו דאָ איז ווערסט, פון דאַנען קענען קומען די פראַנקען, איז דאָך שוין גענוג, קענען פון דאַנען קומען די רוסן — און דאָ הינטן זיינען אויך פאַראַן שונאים. האָב איך געזאָגט, אַז אויב מיר מאַרשירן אין מערב וועט מען אונדז אַטאַקירן אין מערב, אין מזרח, מיין איך.

**קאַטי**

דו ביסט אוודאי גערעכט, אָבער איך פאַרשטיי ניט אַ וואָרט.

**עלטסטער**

(ווערט שטאַרק נערוועז) גאָט פאַרדאַמט! צו וועמען זאָל איך רײדן, אַז איך האָב ניט צו וועמען צו רײדן. (צעשרייט זיך) וואו זיינען מיינע



מיניסטאָרן!? מיינע מיניסטאָרן זאָלן קומען! מיינע יעדנעראַלן, מיינע אַרמייען!

(דער שפּילער קומט אַריין אין אָטעם).

**שפּילער**

הע — הע — וואו די שטאָט האָט אַן עק, — ניטאָ קיין מיניסטער פאַר אַ רענדל.

**עלטסטער**

איך וועל זיך אין זיי נוקם זיין! איך וועל זיי אַלעמען אויסרייניקן! (רעדט צום שפּילער) איך האָב אים געוואָלט דערקלערן, אָבער... (קלאַפּט זיך אין שטערן) אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ! זעסט, (ביי דער מאַפּע) האָב איך געזאָגט, אַז אויב מיר וועלן מאַרשירן אין מזרח, וועט מען אונדז אַטאַקירן אין מערב. זיי מוזן שוין אָנהייבן קומען פון מערב. ניין, פאַרקערט, אָבער עס מאַכט ניט אויס, עס איז אַלץ דיזעלביקע זאַך. האָט מען מיך ניט געפאָלגט. יעדנעראַלן מיינען דאָך, אַז זיי וויסן בעסער פון יעדן איינעם. — פאַרשטייסט? — האָב איך געזאָגט מען זאָל אַטאַקירן אַרום און אַרום (ווערט באַגייסטערט) מיט איין מעכטיקן קלאַפּ — אַ זעץ אַרום און אַרום און צעשמעטערן דעם שונא, איידער ער האָט צייט זיך אַרומצוזען.

**שפּילער**

יע, אדוני עלטסטער, עס זיינען שוין ניט די צייטן, אָבער דער שונא האָט זיך דאָך געלאָזט אויף אונדז איידער מיר האָבן זיך געהאָט צייט אַרומצוזען.

**עלטסטער**

(ווערט אין כעס) עס איז אַן אומרעכט! זיי האָבן ניט קיין רעכט אונדז צו אַטאַקירן אָן אַ קריגס־דערקלערונג! איך וועל פּראָטעסטירן!

**שפּילער**

יע, אָבער דערווייל...

**עלטסטער**

(אין כעס) דו דערציילן מיר ניט קיין דערווייל. מיינע מיניסטאָרן זאָלן מיר ווערן, מיינע מיניסטאָרן!

**שפּילער**

אָט לויף איך זיי זוכן. (שפּילער לויפט אַרויס).

עלטסטער

ברענג מיר נייס פון די פראָנטן. ווער איז דאָ דער עלטסטער, וויל איך וויסן!? ווער איז דער עלטסטער!?

קאָטי

דו, דו, ברודער מיינער. נאָר איך וועל דיך בעטן איין זאַך: לאָז ניט אַרויס די גזרה קעגן די יידן.

עלטסטער

פאַרוואָס ניט?

קאָטי

האָב רחמנות, אַזויפיל אומשולדיקע מענטשן.

עלטסטער

(פאַלט אַריין אין פּאַטאָס) זיי זיינען אונדזערע שונאים! זיי זיינען קינדער פון טייוול. איך וועל זיי פאַרניכטן!

קאָטי

איז דאָס דיין לעצט וואָרט?

עלטסטער

איך וועל זיי פאַרניכטן!

קאָטי

אויב אַזוי, האָב איך דאָ גאָרניט וואָס צו טאָן.

עלטסטער

(דערשראָקן) וואו גייסטו?

קאָטי

צו מיינע פריינט. איך וועל שטאַרבן מיט זיי אינאיינעם.

עלטסטער

דו, מיין איינציקע שוועסטער, מיין איינציקער פריינט, ווילסט מיך אויך פאַרלאָזן. אַלע פאַרלאָזן מיך און דו אויך.

קאָטי

אַ שיינער פריינט ביסטו, אַז אפילו אַזאַ קלייניקייט, קען איך פון דיר ניט קריגן.

עלטסטער

(וויינט כמעט) אַז דו פאַרשטייסט ניט. איך וויל מיך ראַטעווען. אַלע זיינען קעגן מיר, שונאים אַרום און אַרום. און די יידן זיינען דאָס איינציקע מיטל צו האַלטן דאָס פאָלק פאַר זיך.



קאָטי

אויב אַזוי, גיי איך.

עלטסטער

קאָטי, טייערינקע, גיי ניט, גיי ניט פון מיר. לאָז מיך ניט אַליין. איך וועל דיר אַלץ צוליב טאָן.

קאָטי

געדענק זשע.

עלטסטער

איך געדענק, איך געדענק. (שפּילער קומט אַריין).

שפּילער

געפונען, געפונען דעם הויפּט — הויפּט־קאַנקער.

עלטסטער

(שפּרינגט אויף פאַר שמחה) מיר זיינען געראַטעוועט! מיינע מיניס־טאָרן! — וואו איז ער?

שפּילער

עס איז אים שווער צו לויפן. ער איז אַליין אַזוי שווער. (הויפּט־קנאַ־קער קומט אַריין).

עלטסטער

(כאַפּט איס אַרום) פריינט! מיין איינציקער פריינט! האָסט מיר אַ נייע נשמה אַריינגעזעצט. נו, דערצייל.

קנאַקער

ווי קען איך.

עלטסטער

אַלע אַרויס! און קיינער זאָל זיך ניט אונטערהערן, איך וועל שיסן דורך טירן. (אַלע גייען אַרויס, נאָר עלטסטער און קנאַקער בלייבן) וואָס טוט זיך ביי די פראָנטן?

קנאַקער

עס איז שלעכט, ביטער ווי גאַל. דער שונא מאַרשירט פון אַלע זייטן מיט טאַנקען, טאַנקען, טאַנקען, אַז די ערד ציטערט הינטער זיי, און דער הימל איז שוואַרץ מיט עראָפּלאַנען.

עלטסטער

וואָס הערט זיך מיט אונדזערע טאַנקען?

קנאַקער

אויך מיר טאַנקען. זיי האָבן פופציק צו איינעם פון אונדזערע.

**עלטסטער**

די פאַרדאַמטע יעדנעראַלן. איך וועל זיי נאָך וויזן! און וואָס טוט דאָס פאָלק?

**קנאַקער**

דאָס וואָלסטו באַדאַרפט פרעגן דעם הויפּט־ריידער.

**עלטסטער**

איך קען אים ניט אַריבערטראָגן. עס גייט אים ניט אַרויס אַן אמת וואָרט פון מויל. וואָס ווייסטו וועגן פאָלק?

**קנאַקער**

עס איז צרות. זיי ווייסן נאָך ניט אַלץ, אָבער ווען זיי וועלן זיך דער־וויסן, וועט זיין צרות. פרעג שוין גאָרניט.

**עלטסטער**

מען דאַרף דעם פאָלק איבערגעבן די לעצטע יידן.

**קנאַקער**

די חתונה איז שוין צוגעגרייט.

**עלטסטער**

און עראָפּלאַנען?

**קנאַקער**

זיי פאַרפינצטערן דעם הימל, אַזויפיל האָבן זיי.

**עלטסטער**

וואָס זשע וועלן מיר טאָן? — און גאַזן?

**קנאַקער**

אָט דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן. ווייל בשעת מיר זיצן דאָ און ריידן, פליען שוין אונדזערע עראָפּלאַנטשיקלעך שטילערהייט אַריבער דעם גרע־נעץ, ניט קיין סך, אַ גאַנצן טוצן עראָפּלאַנטשיקלעך. ווען זיי וועלן קומען איבער דעם שונאס גרעסטע שטעט, וועלן זיי אַראָפּלאָזן זייערע באָניעס, און די גאַנצע שטאָט וועט אויסשטאַרבן ווי די מייז, און די זעלביקע גאַזן וועלן ניט בלייבן אין שטאָט, זיי וועלן זיך קאַטשען ווייטער, און די ווינטן וועלן זיי טרייבן אין די שטעטלעך און אין די דערפער, און וואו זיי וועלן קומען וועט שוין מער קיין גראָז ניט וואַקסן. און טאָמער וועלן אונדזערע שונאים דערקענען אונדזערע עראָפּלאַנען און זיי אַרונטערשיסן, איז אויך גוט געגוג, פאַר די גאַזן איז עס דיזעלבע זאַך. זאָלן זיי אַרונטערשיסן, פאַרוואָס ניט? כאַ־כאַ־כאַ! (ער צעלאַכט זיך היסטעריש).



**עלטסטער**

(צעלאַכט זיך אויך. קלאַפּט דעם קנאַקער אין פּלייצע. ביידע לאַכן און קענען זיך ניט איינהאַלטן. עס קומען אַריין **קאַטי**, דער **שפּילער** און דער **טייטש**. דער **עלטסטער** ווייזט אַלעמען אויף דער טיר אויף אַרויסגיין. מיט דער צייט ברענגט דאָס געלעכטער אויך אַנדערע פון לאַגער, ווייל קיינער איז ניט געוואוינט צו הערן דעם עלטסטן לאַכן. אַלע ווערן אַרויס־געשיקט. עס הערט זיך פון דרויסן דאָס קלאַפּן פון אַ פּויק. די לאַכערס הערן זיך איין. זוען דאָס פּויקן האָט אויפגעהערט, הערט זיך דאָס קול פון אַן **אויסרופער** „מען איז מודיע אַלע גוטע טייטשן איבער דער גאַנצער מדינה, אַז די אויבערשטע קאָמאַנדע פון לאַנד האָט אַרויסגעגעבן אַ גזרה, לויט וועלכער אַלע גוטע בירגער און אונטערטאַנען דאַרפן דעם חודש, דעם פערצטן, באַפאַלן אַלע יידן און זיי פאַרניכטן. דייער פאַרמעגן איז הפקר״. פון דרויסן הערט זיך געשרייען הוראַ! הוראַ! הוראַ! ((קאַטי לויפט אַריין).

**קאַטי**

דו ביסט אַ מערדער! אַ ליגנער! אַ מעדער! אַ מערדער! (זי צעשווינט זיך און לויפט אַרויס.. דער עולם שרייט נאָך אַלץ „הוראַ!״).

**עלטסטער**

זאָל זי גיין. אַליין וועל איך בלייבן, אַליין! דער מעכטיקסטער מענטש אין דער וועלט! (שרייט) ציטערט! ציטערט! עס שפּרייזט איבער דער וועלט דער מעכטיקסטער מענטש פון אַלע צייטן!

**קנאַקער**

(דער שראָקן) עס איז אמת, דו ביסט דער גרעסטער, דער מעכטיקסטער, און איך בין דיין דינער.

**עלטסטער**

אַרעסטיר אַלע יעדנעראַלן. עס איז נאָר דאָ איין יעדנעראַל, דאָס בין איך, איך!

(פּלוצים דערהערט זיך פונדערווייטנס דאָס דונערן פון אויפרייסן און דאָס יאָמערלעכע אַנגסט־געשריי פון אַ גרויסער מאַסע מענטשן, וואָס קאַטשען זיך אַלע נענטער און נענטער ווי אַ פאַרצווייפלונג).

**עלטסטער**

אַ פאַרפלייצונג! (דער געשריי קומט אַלץ נענטער).

**קנאַקער**

עפּעס איז געשען!

**עלטסטער**

וואָס האָט געקענט געשען ?

**קנאַקער**

(כאַפּט זיך) די עראָפּלאַנען ! — אָה גאָט ! שרעקלעך !

**עלטסטער**

וואָס איז ?

**קנאַקער**

די עראָפּלאַנען ! (לויפט אַרויס).

**שפּילער**

(לויפט אַריין) געוואַלט ! ראַטעוועט ! ראַטעוועט זיך !

**עלטסטער**

וואָס איז ?

**שפּילער**

גאַז — גאַז — טויט פון גאַז — (לויפט אַרויס).

**קנאַקער**

(לויפט צוריק אַריין) ראַטעווע זיך. (ער כאַפּט וואָס ער געפינט פון ווערט־זאַכן און שטאָפּט אין די קעשענעס).

**עלטסטער**

עראָפּלאַנען ?

**קנאַקער**

די שונאים האָבן זיי אַרונטערגעשאָסן איבער אונדזערע שטעט. ווי אַ כוואַליע קומען זיי, גאַזן און מענטשן, קום גיכער, מיין עראָפּלאַן וועט אונדז ביידן אַוועקטראָגן פון דאַנען.

**עלטסטער**

(ציטערט) ווי אַזוי וועלן מיר פליען ?

**קנאַקער**

פרעג ניט קיין קשיות. (לויפט אַרויס).

**עלטסטער**

(צעגערט אַ ביסל, לאָזט זיך אויך לויפן. עס קומט אַן אַן אָפּטייל סאָלדאַטן מיט אַן אָפיציר).

**דער אָפיציר**

(שטופּט דעם עלטסטן צוריק) וואַרט אַ ווײַלע, וואוהין גייסטו ? איך דאַרף דיך האָבן, דו שטרויענע פּורצע.



**עלטסטער**

אַז איך בין ניט שולדיק, איך האָב עס ניט געטאָן, עס איז געווען דעם קנאַקערס פּלאַן. איך האָב פון גאָרניט געוואוסט.

**אָפיציר**

וועגן דעם וועלן מיר שוין שפּעטער ריידן. נעמט אים חברה. (דאָס שרייען האָט אויפגעהערט אין דרויסן).

**עלטסטער**

וואָס ווילט איר מיר טאָן ?

**אָפיציר**

דאַרפסט קיין מורא ניט האָבן, מען וועט דיר טאָן דיין רעכט, לויט די בעסטע געזעצן. (אַ סאָלדאַט קומט).

**דער סאָלדאַט**

(סאַלוטירט) איך וויל אייך באַריכטן, אַז דער ווינט האָט זיך אַריבער־געטראָגן און האָט אַרויסגעטראָגן די גאַזן צום ים. אָבער די צאָל טויטע איז שרעקלעך גרויס.

**עלטסטער**

מעגט איר דאָך שוין מיך לאָזן. איך גיב אייך אָפּ די גאַנצע מאַכט, נאָר לאָזט מיך אַוועק פון דאַנען.

**אָפיציר**

דו וועסט שוין שפּעטער ריידן. פירט אים אַוועק און באַהאַלט אים אויף אַ זיכערן פּלאַץ. (די סאָלדאַטן שליסן דעם עלטסטן אין קייטן און פירן אים אַרויס).

( פ אָ ר ה אַ נ ג )

# פערטער אַקט

(די סצענע איז די געריכט־שטוב, וואו מען דאַרף משפטן דעם עלטסטן. רעכטס, אין מיטן, זיצט אויף זייער אַ הויכן פאַדיום דער **הויפט־ריכטער**, פון ביידע זייטן, נידעריקער פון אים, זיצן די **איבעריקע ריכטערס**. די זיינען אָפיצירן פון פאַרשיידענע פעלקער. קעגן וועמען דער עלטסטער האָט געזינדיקט. אין פראָנט פון פאַדיום זיצן אויף רעכטס **ר׳ מרדכי ווײַנשטיין**, דער אַדוואָקאַט, און **אסתר**, זיין סעקרעטאַרשע; פון לינקס זיצט אַ **גלח**, וועלכער איז דער פּראָקוראָר. דער אַריינגאַנג איז פון לינקס אין פראָנט און צעטיילט די רייען בענק אויף וועלכע עס זיצט אויסגעזעצט דאָס **פאָלק**. אַ שוואַך ליכט קומט פון הינטן.. פון אויבן ליגט אויף דער גאַנצער סצענע אַ שווערע פינצטערע לײדיקייט. די קולות קלינגען אָפּ הויל און ליידיק. ביי דער טיר לינקס שטייט אַ וועכטער).

**דער וועכטער**

(בלאָזט אין אַ טראָמפּייט)

**דאָס פאָלק**

**ווער קומט דאָס איצט? דאָס איז ער? — וואו? — וואו? —**

**וועכטער**

**די דעלעגאַציע פון דעם גרויסן און ווירדיקן לאַנד, גערמאַניע!** ס׳קומען אַריין **דריי טייטשן**, איינער אַ **דיקער**, אַ באַברילטער, גייט פון פאָרנט און הינטער אים גייען צוויי **מאָגערע** מיט גרויסע פאַרטפעלן הינטער די אָרעמס. די קומען אַריין מיליטעריש, בלייבן שטיין פאַר דעם הויפּט־ריכטער און פאַרנייגן זיך).

**הויפט־ריכטער**

(שטייט אויף און פאַרנייגט זיך) **איר האָט דאָס וואָרט.**

**פעטער טייטש**

(הוסט זיך אויס, עס פעלט אים דאָס ערשטע וואָרט).



**אַרויסהעלפער**

(שעפּטשעט צו אים) **ווירדיקע שכנים!**

**פעטער טייטש**

**ווירדיקע שכנים פון אונדזער גרויס און דערהויבענעם פאָלק, וואָס האָט, אייגנטלעך, ניט געוואָלט קיין מלחמה, ווי עס איז שוין פריער באַוויזן געוואָרן, כאָטש אונדזערע אינעווייניקסטע שונאים און פאַרפירערס — איך באַטאָן נאָכאַמאָל, פאַרפירערס — האָבן פאַרזיכערט אונדזערע נאָבעלע שכנים און פריינט, אַז אונדזער פרידלעך און געמיטלעך פאָלק שטייט ווי איין מאַן הינטער די פּלייצעס פון די פאַלשע פירערס און שטימען איין טאָקע מיט דיזעלביקע פירער — פאַרפירערס, מיין איך — וועלכע ווילן דווקא מלחמה, ניט נאָר מיט שכנים, נאָר אָפילו מיט ווייטע, גאָר ווייטע לענדער, וואו די וועלט האָט אַן עק. באַסטאַ! זאָגן מיר, די איצטיקע ערליכע רעגירער פון לאַנד (פאַרנייגט זיך), אַז דאָס איז פאַלש, גרונט פאַלש! ווען מיר דאָס אָפן דערקלערן, אָפן און פריי, מיט שטאָלץ און מוט, מיט ווירדע און ערע, אַז אונדזער גרויס און פרידלעך פאָלק האָט בשום אופן ניט געהאַט צו טאָן מיט די פינצטערע פּלענער.**

**הויפט־ריכטער**

(האַקט אים איבער די רייד) **אַנטשולדיקט. מיט איין וואָרט, איר ווילט זאָגן, אַז איר זייט ניט שולדיק אין דער מלחמה?**

**טייטש**

**ניין, און טויזנט מאָל ניין! מיר שליידערן צוריק אַזאַ מין באַשולדיקונג.**

**הויפט־ריכטער**

**דאַרף מען דאָס אַזוי לאַנג ריידן, קיין שום פאָלק וויל ניט קיין מלחמה.**

**פּראָקוראָר**

**וואָס הערט זיך מיט פּאָגראָמען?**

**הויפט־ריכטער**

**די אונטערברעכונג איז ניט אין פּלאַץ.**
**מיר משפטן דאָס מלחמה בלויז.**

**פּראָקוראָר**

**מלחמות קומען ניט באַזונדער, די רציחה**
**מיט וואָס מען מאַכט פּאָגראָמען, מאַכט מען אויך מלחמות.**

ניט מער, פּאָגראָמען זײַנען רציחות פון אַ מאַסע
אויף אַ שוואַכן מיעוט.

**ר׳ מרדכי**

אויב עס האַנדלט זיך וועגן די פּאָגראָמען,
דאַרף אַן אַנדער צד זיך גאָר באַקלאָגן,
יענער צד איז צוגעוואוינט שוין צו דעם סאָרט קריג,
מ׳לעבט ניט מיט שכנים אַ טויזנט יאָר פאַר גאָרניט.
אַט הײַנט שוין איז יענער צד זיי מוחל און זאָגט:
זאָל דער עבר פאַרגעסן ווערן.

**פּראָקוראָר**

איך רייד ניט דאָ פאַר די באַשעדיקטע,
אַט יענער טייל פון פאָלק אַליין וויל פּראָטעסטירן,
אַט יענער טייל, וואָס גייט אין טראָט מיט גאָר דער וועלט,
און וויל ניט צוריקגעשליידערט ווערן אין נאַכט
פון אומגעהובלטע באַרבאַרן־מערדער.

**טייטש**

אָבער מיר טרייסלען זיך אָפּ פון זיי.

**הויפּט־ריכטער**

פאַרגעס גאָר ניט, איך בעט אײַך, אַז מיר
זיצן דאָ ניט צו משפּטן אַ פאָלק,
דעם פאָלקס פאַרפירערס שטייען פאַר געריכט.

**דאָס פאָלק**

מיר פּראָטעסטירן, ניט מיר זײַנען שולדיק! זוכט די שולדיקע.

**ר׳ מרדכי**

גערעכט איז פאָלק, מיר זוכן ערשט דעם שולדיקן,
און זײַן שולד מוז באַוויזן ווערן מיט עדות,
מיט עדות, וואָס אָן שום ספק זײַנען זיי באַגלייבט.

**אסתּר**

אָז... (פאַלט אַוועק אין חלשות. עס ווערט אַ טומל).

**הויפּט־ריכטער**

וואָס איז געשען? רופט אַ דאָקטער.

**ר׳ מרדכי**

שטאָ־ק זיך, קינד מײַנס.



**פּראָקוראָר**

אַט האָט איר עדות און באַגלייביקע.
ווען זיי וואָלטן נאָר גערעדט.

**ר׳ מרדכי**

עס איז גאָרניט, בלויז די היץ.
שטאַרק זיך שנעל, מײַן קינד.
(אסתּר טרינקט פון וואַסער און באַרואיקט זיך)

**הויפּט־ריכטער**

דיווירדיקע שלוחים וויל איך זאָגן,
מיר נעמען אָן אײַערע טענות,
וואָס דער משפּט זאָל שפּעטער ניט זײַן.

**טייטש**

אין נאָמען פון מײַן גרויס פאָלק דאַנקען מיר אײַך פאַר אײַער גרויס־מוט און אָפנהאַרציקייט. מיר וועלן זיך איצט צוריקציען. (מיט מיליטערישן קנאַק גייען די דריי טייטשן אַרויס).

**הויפּט־ריכטער**

ווירדיקער פּראָקוראָר, לייענט אונדז אײַער קלאָגע.

**פּראָקוראָר**

הויכע שופטים, אײדללײַט און מײַן אַרעם, אָרעם פאָלק.
איך הייב אויף מײַן קול אָנצוקלאָגן,
דעם פינצטערסטן פאַרברעכער פון אַלע טעג און יאָרן,
ניט אין נאָמען פון גערעכטיקייט,
ניט אין נאָמען פון די פאַרוואָגלטע וואַנדערער,
וואָס בלאָנדזשען אַלץ נאָך אַרום אויף פרעמדע וועגן,
אַפילו ניט אין נאָמען פון די קדושים,
וואָס האָבן אָנגעפּילט די קברים,
נאָך אײדער עס איז זיי קלאָר געוואָרן,
ווי פינצטער עס קען זײַן די פינצטערניש,
און ווי ליכטיק עס וואָלט ווען זײַן דאָס ליכט,
פאַר זיי — קען זײַן — איז טויט אַליין שוין טרייסט.
איך רייד אין נאָמען פון דער צײַט,
וואָס ליגט און ראַנגלט זיך אין ווייטיק און אין פּײַן.
איך רייד פון שליחות פון דעם מענטשן־מין,
וואָס איז איצט פאַרטרונקען אין פאַרקילטן בלוט,

די שליחות וואָס טרייבט און רייסט דעם מין,
אַוועק פון שורש חיה אַרויף צו העכער,
צו דעם אומבאַוואוסטן ציל — צו גאָט.
ווייל זיין פּרצוף איז ווייט נאָך פון אַ צלם אלקים.
וואָס פאַר אַ שטראָף זאָל איך פאַרלאַנגען
פאַר דעם ,וואָס האָט מיט גראָבע הענט
געשטערט די לאָגיק פון געשיכטע,
האָט אַריינגעלייגט זיך אין אינגעווייד פון צייט,
ווי אַ פוילע שפּייז און האָט אָנגעהויבן
פוילן, אייטערן, ביז דער סם
דעם גאַנצן גוף האָט אָנגעפילט מיט פּעסט און שטאַנק,
פאַרלענגערט האָט ער די ווייען פון ווערן און פון וואַקסן
און אַרויסגערוקט דעם ציל פון גאַנצקייט
ווייט אַרויס, וואו ס'אויג דערגרייכט אים קוים,
מיט אַ גראָבער האַנט האָט ער אָנגענומען
אַ צערודערט שטיקל צייט, ער,
דער פאַרטעמפּטער און אויסגעליידיקטער,
דער שרייענדיקער שטומער,
וואָס קען דעם ליכט אין אויג ניט קוקן —
ער האָט גענומען אַ צעוויייטיקט שטיקל צייט
און צוריקגעשליידערט אין דער פינצטערער פאַרגאַנגענהייט,
און געשטופּט אין קויט די מענטשלעכע השגות.
דער דראַנג אַרויף איז געוואָרן דער דראַנג צו קריכן
אין דעמזעלביקן טראָט,
וואָס קריכט אַ פויזנדיקע חיהלע,
איך קלאָג אָן אין נאָמען פון אַ מענטש,
ווערמענס נאָמען ער האָט פאַרשוועכט;
איך קלאָג אים אין נאָמען פון אַ וועלט,
וואו ער האָט אַ פלעק פון שמוץ געלאָזט;
איך קלאָג אים אָן, דעם אשמדי,
וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אויף אַ קעניגס טראָן
און האָט געוועלטיקט נאָר מיט בלוט און האַס.

(פאַרנייגט זיך)



**ר׳ מרדכי**

ווער האָט רעכט צו שטראָפן פאַר פאָלק?
איך פרעג ביי אייך דאָס, הויכע, קלוגע
און ווירדיקע שופטים?
ווער האָט רעכט צו שטראָפן אין אַ וועלט,
וואָס איז פול מיט שוואַכקייטן און מיט זינד?
איר קאָנט דעם אָנגעלייגטן יחיד אַליין ניט משפּטן,
ווייל וואָס דען איז דער יחיד אַליין און דאָס פאָלק?
איז ניט אַלצדינג וואָס ער איז דאָס אייגנטום פון פאָלק?
אויב איר ווילט דעם יחיד קלאָגן, קלאָגט דאָס גאַנצע פאָלק.
אַריבער טויזנט יאָרן וואוינען מיר שוין זייט ביי זייט.
ס'איז אַ וועלט אַרום אונדז ביידן אויסגעוואַקסן,
אינאיינעם האָבן מיר זיך אויסגעקלערט און אויסגעלייטערט,
ניט איינמאָל האָט אונדזער בלוט באַגאָסן דעם וועג צום העכערן מין.
חרטה און מחילה פון ביידע זייטן האָבן צוגעגרייט די יאָרן.
פון בליאונג און פון שטילן פרידן.
אויב אונדזער איז די קריוודע, זיינען גרייט מיר פאַר מחילה.

(ביי דער טיר ווערט אַ טומל, עס הערט זיך פון דאָרט אַ קול:)

**קול**

איך מוז אַריין, לאָזט מיך אַריין!

**הויפּט־ריכטער**

ווער שטערט עס דאָרט די אָרדענונג פון פּראָצעס?
(דער טומל ווערט גרעדיכטער)
ווער איז עס דאָרט וואָס וויל אַריינגיין?

**וועכטער**

עס איז איינער, וואָס עס קען אים דאָ דאָס פאָלק
ווי דעם בלינדן בעטלער.

**חלפתא**

איך מוז אַריין!

**הויפּט־ריכטער**

לאָזט אים אַריין.
(חלפתא געפירט פון יינגל קומט אַריין און גייט צו צום פּאָדיום פון הויפּט־ריכטער).

**חלפתא**

וועך זאָגט אַז מיר זיינען גרייט צו מחילה? (עס ווערט שטיל פאַר אַ ווײַלע).

**ר׳ מרדכי**

מיין חלפתא!

**חלפתא**

מחילה גאָר?

**הויפּט־ריכטער**

ביסטו אַ ייד?

**חלפתא**

וואָס דען בין איך?

**דאָס פאָלק**

אַ ייד גאָר! — ניט דער בלינדער בעטלער? — אַ ייד!

**הויפּט־ריכטער**

ווער גיט דיר דאָס רעכט צו ריידן פאַר אַלע. ווער ביסטו?

**חלפתא**

אַ פשוטער יידישער בחור. אַ ייד פון אַלע טאָג.

**הויפּט־ריכטער**

וואָס מיינט ער?

**חלפתא**

אָט, אַ ייד פון נעכטן, אַ ייד פון היינט, אַ ייד פון מאָרגן, אַ ייד פון אַלע טעג, אַ ייד אַ פשוטער.

**הויפּט־ריכטער**

און וואָס ווילטסו, פשוטער ייד, פאַר אָט דעם געריכט?

**חלפתא**

איך וויל אָפּ מיינע יידן. (שטרעקט אויס די האַנט) גיט מיר אָפּ מיינע יידן.

**הויפּט־ריכטער**

פון וועמען מאָנסטו דאָס?

**חלפתא**

איר זייט דאָך די וועלט. (מיט כעס, שרייט) איך וויל אָפּנעמען מיינע יידן. גיט מיר אָפּ מיינע יידן!



**הויפּט־ריכטער**

ווי איך זע, פאַרשטייסטו ניט. מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַן ענין וועגן אַ פאַרברעכער, וואָס האָט געזינדיקט קעגן אַ וועלט, ניט נאָר קעגן דיין פאָלק.

**חלפתא**

פאָלק, פאָלק געזינדיקט, דאָס זיינען דיבורים, רייד, וואָס איך פאַרשטיי ניט. איך וויל יידן, מיינע יידן וויל איך. אַזויפיל האָט מען געהרגעט. אַזויפיל האָט מען געטריבן זיך אָנטאָן אַ מיתה, אַזויפיל האָט מען פאַרמוטשעט אין די ברוינע קעלערס, אַזויפיל און אַזויפיל אויסגעסמט, אויסגעקוילעט, פאַרברענט, — דערציילט מיר ניט פאָלק; איך וויל יידן: געצל, זיסל, חיים, גיטל, משה, מרדכי, בלומע, פייגע, חנה, זיי זיינען ניט פאָלק, זיי זיינען יידישע מענטשן. איך וויל די גאַנצע אָרעמס פאַר די אויסגעבראָכענע, גאַנצע פיס פאַר די לאָמע, געזונטע אויגן פאַר די בלינדע, געזונטע יאָרן פאַר די יאָרן פון קרענק און ביטערניש. איך וויל האָבן מיינע יידן אַזויווי זיי זיינען געווען! (שוייגן)

**פּראָקוראָר**

דאָס איז אַ גערעכטע טענה.

**הויפּט־ריכטער**

ווי דענקט איר, מיינע גערעכטע ריכטער, קען מען דעם פאַרלאַנג צולאָזן אַלס אַ טייל פון דעם פּראָצעס?

**די איבעריקע ריכטער**

(ריידן צווישן זיך אין דער שטיל).

**ר׳ מרדכי**

אדוני ריכטער, איר מוזט מיך הערן איידער איר קומט צו אַ באַשלוס. דער עדות איז קיין עדות ניט, ער איז אַ נוגע בדבר. דאָס איז אַ געזעצלעכער פּראָצעס, וואָס פירט זיך לויט אַ שטייגער, וואָס איז דורות אַלט. די פאַראומגליקטע זיינען שוין פאַראומגליקט און די פאַרלוירענע זיינען שוין פאַרלוירן.

**חלפתא**

אויב אַזוי, פאַרלאַנג איך שן תחת שן, עין תחת עין. דאָס איז מיין געזעץ און דאָס געזעץ פון דער תורה. איך פאַרלאַנג דעם טויט פאַר די וואָס האָבן אויסגעהרגעט מיינע יידן.

**צווישן עולם**

(אַ טייל זיינען דערפאַר, אַ טייל דאַדעגן, אָבער אַלע שרייען „טויט“).

**ר׳ מרדכי**

איז שוין ניט צייט צו געדענקען אַז נאָר גאָט אַליין האָט אַ רעכט צו טויטן?

**חלפתא**

(מיט עקשנות) עס איז אַ דין, עס איז אַ דין, ר׳מרדכי.

**ר׳ מרדכי**

אויב דו שטעלסט זיך אויף אַ דין, איז פאַראַן נאָך אַ דין. דו ביסט נאָר אַן עדות. מען קען ניט דן זיין חייב מיט איין עדות.

**חלפתא**

(לאַכט) עדות. — נאָך ווייניק עדות פאַראַן. (רופט) עדות! קומט אַהער!

**ר׳ מרדכי**

ווער פון אייך וועט גיין זאָגן עדות קעגן אַ שונא, וואָס איז אַ געשלאָגענער? ווער וועט וועלן אַז די זון פון מחילה זאָל אויפגיין איינגעטונקט אין פריש בלוט?! ווער וויל אויף זיך נעמען די אחריות פון נקמה?

**חלפתא**

וואו זייט איר, עדות? (שווייגן) ווער וויל אַז דאָס פאַרגאָסענע ייִדישע בלוט זאָל אייביק שרייען אין זיינע אויערן? ווער פון די, וואָס האָט געזען צעבראָכענע פיס, אויסגעדרייטע הענט, צעשפּאָלטענע שאַרבנס, געהערט ווי די געשרייען זיינען געגאַנגען עד לב השמים, קען זאָגן לא ראיתי ולא שמעתי? אסתר! אסתר! וואו ביסטו?

**אסתר**

(שפּאַרט אַן דעם קאָפּ אָן פעטערס אַקסל און וויינט פון האַרצן).

**חלפתא**

ייִנגל! ייִנגל! וואו ביסטו? דיין שוועסטער איז געוועזן אַ קרבן פון די ווילדע חיות!

**דאָס ייִנגל**

(וויינט אויך, אָבער ער שווייגט).

**חלפתא**

מיין פריינט אין דער פינצטערניש, מיין וועגווייזער, וואו ביסטו?

**דאָס ייִנגל**

(וויינט און שווייגט).

**הויפּט־ריכטער**

איז נאָך אַן עדות ניט פאַראַן?



**חלפתא**

זיי ווייסן אַלע און שווייגן, דער באַשולדיקטער וועט ניט שווייגן. זאָל מען אים ברענגען.

(מען וואַרט אויף דעם ריכטערס באַשלוס).

**פּראָקוראָר**

דאָס איז אַ גערעכטער פאַרלאַנג.

**ר׳ מרדכי**

ער אַליין איז אַ פּסולער עדות. איך פּראָטעסטיר!

**חלפתא**

ער קען זיך מודה זיין. ער וועט מוזן!

**הויפּט־ריכטער**

וועכטער, ברענגט דעם באַשולדיקטן (עס ווערט אויף דער בינע נאָך פינצטערער. — אַ פּויזע — עס קומען אַריין פיר מענער אַזוי הויך ווי די טורעמס און אינמיטן צווישן זיי גייט דער קליינער עלטסטערל, וואָס איז איצט ניט גרעסער ווי אַ זעקס־יאָריק ייִנגל).

**דער עולם**

וואו איז ער? וואו איז ער? . . . אָט דאָרט אַ, זעסט אים ניט? . . . אוי, ווי קליין! אַמאָל האָט ער אויסגעוויזן אַזוי גרויס.

**הויפּט־ריכטער**

אָרדענונג! (בייגט זיך אַריבער) ווער ביסטו? — (קיין ענטפער) וואָס איז דיין נאָמען? — (קיין ענטפער).

**וועכטער**

מען רעדט צו דיר, פאַרוואָס ענטפערסטו ניט? וואָס איז דיין נאָמען?

**עלטסטערל**

בע — בע — בע —

**וועכטער**

ער קען ניט ריידן.

**הויפּט־ריכטער**

דו ווערסט באַשולדיקט, אַז דו האָסט געפירט צום טויט פון טויזנטער מענטשן. מען מאָנט ביי דיר דין וחשבון. ביסטו שולדיק אָדער ניט?

(שווייגן) ביסטו שולדיק, אָדער ניט?

**עלטסטערל**

בע — בע — בע —

**חלפתא**

ענטפער. וואו זיינען דיינע רייד פארשוואונדן, דו פוסטער שרייער?!

**עלטסטערל**

בע — בע — בע —

**ר' מרדכי**

הויכער בית דין, עס איז קיין עדות ניטא!

**חלפתא**

(קלאפט מיט דעם שטעקן אין דער ערד).

אן עדות! אן עדות! וואו זייט איר, געבראכענע, געלומטע, צעשראקענע און געפלעפטע? אן עדות וויל איך! זאלן יידישעליידן ניט פארלייקנט ווערן! האט רחמנות אויף יידישע ווייטיקן! איך וועל די קברים אויפרייסן און די טויטע ברענגען! אן עדות וויל איך!

(אין דער טיפער פינצטערניש, וואס איז געפאלן אויף דעם גאנצן משפט באוויזט זיך א ליכט ביי דער טיר. דער גאנצער עולם קוקט צו דער טיר. פון דער פארמאכטער טיר קומען ארויס, ארומגערינגלט מיט א שיין פון ווייסן ליכט די צוויי פיגורן פון מאזעס און דעם מיידל, וואס גייען ביז צום פאדיום).

**ר' מרדכי**

די טויטע! (פון עולם רייסט זיך ארויס א מוראדיקער אויסגעשריי. עס ווערט אינגאנצן פינצטער. עס פאלט דער

פ א ר ה א נ ג



# פורים

(די סצענע איז די זעלביקע, וואו עס הענגט **שוראך פון באלדאך.** ווען מען ציט אויף דעם פארהאנג, כאפט ער א דרימל אויף דער תליה און שנארכצט גאנץ געשמאק, ערגעץ וווייט שפילן קלעזמער דאס לידל: „גאס איז איינער״ פון ערשטן אקט. יינגלעך לויפן איבער דער בינע פון לינקס פארנט ביז רעכט אין הינטערגרונט).

**יינגלעך**

**קלעזמער! קלעזמער! וואו . . . וואו? דארט.** (די לויפן אוועק. דאס יינגל קומט צולויפן).

**יינגל**

**וואו זיינען די קלעזמער?** (ער לויפט נאך די אנדערע).

**חלפתאס קול**

**יינגל! יינגל! וואו ביסטו?** (ער קומט אריין. אויפן קאפ טראגט ער אן אפיצערסקע היטל און אויפן פלאץ פון דער קאפאטע, טראגט ער א יעדנעראלסקע בלוזקע מיט מעדאלן) **יינגל! יינגל! אזא שייגעץ. לאזט מיך איבער אליין. — אהער גיי, זאג איך דיר! — וואו ביסטו?** (עס לויפן פארביי מיידלעך, יינגלעך שרייענדיק: „קלעזמער! קלעזמער!״ די ווארפן שיער חלפתאן ניט אום). **אזעלכע באסיאקעס, ווי די וואלטן קיינמאל קיין קלעזמער ניט געהערט.** (קאטי לויפט אריין).

**קאטי**

**וואו זיינען דאס די קלעזמער?** (דערזעט חלפתאן). **אוי, וואס זעען מיינע אויגן, חלפתא!**

**חלפתא**

(קארעגירט) **יעדנעראל חלפתא. איז דאס קאטי?**

**קאטי**

**טייערער חלפתא, דאס בין איך דאך!** (ווארפט ביידע הענט ארום אים).

**חלפתא**

גיב אַכטונג. יע, דאָס איז קאַטי.

**קאַטי**

דערקענסט שוין קיין מענטשן ניט ?

**חלפתא**

זעסט ניט מיינע אויגן ?

**קאַטי**

אוי, וויי איז מיר. ווי האָב איך דאָס געקענט פאַרזען, חלפתאנקע ! (און צשווינט זיך).

**חלפתא**

שוין, שוין. (ווישט זיך אויס די אויגן) אוי, חלפתא קרוין, וואָס זיי האָבן פון דיר געמאַכט, די באַנדיטן.

**חלפתא**

מאַכט ניט, עס איז גאָרניט. און וואָס מאַכסטו עפּעס, קאַטי ?

**קאַטי**

יאָ, וואָס זאָל איך דיר דערציילן, חלפתא טייערער ? איך האָב זיך דאָך מגייר געווען, און איך הייס שוין גאָר שרה. איך זאָג דיר, אַז זייט איך געדענק, האָט זיך מיר געוואָלט הייסן שרהלע.

**חלפתא**

אַ טייערער נאָמען. האָסט אים כשר פאַרדינט.

**קאַטי**

גיי אַוועק. הייבסט שוין אָן מיט דיינע שטיק. איז, וואו זשע גייסטו איצט ?

**חלפתא**

אַז איך האָב זיך געלאָזט גיין צו ר׳ מרדכין, איז דאָס ייִנגל וואָס פירט מיך, אַוועק צו די קלעזמער. (זיי גייען אַוועק.)

(דער קלאַנג פון מוזיק פאַרטראָגט זיך ערגעץ ווייטער. עס קומען אַריין דער פּעטער טייטש פירנדיק אויף אַ שטריק דעם הויפּט־טראַכטער, דעם הויפּט־ריידער, דעם הויפּט־קנאַקער און דעם עלטסטן. דעם צווייטן עק פון שטריק האַלט דער מאָגערער טייטש).

**קנאַקער**

ווי ווייט איז עס נאָך צו גיין ?

**מאָגערער**

ווערסט שוין זען פאַרטיקערהייט. אַ נייער מיוחס.



**קנאַקער**

איך בין אַ שווער מענטש, ווייל איך זאָלסטו וויסן.

**ריידער**

איין קלייניקייט, דיין יחוס, פרעג שוין ניט.

**קנאַקער**

געפעלט דיר אפשר ניט מיין יחוס ? און פונוואַנען קומסטו ?

**מאָגערער**

אָט האָסטו דיר די צווייטע טעג יום־טוב.

**פּעטער**

שאַט, קריגט זיך ניט. אָט דאָ איז עס.

**קנאַקער**

אָט דאָ אַ ? עס הענגט דאָך שוין דאָרט איינער.

**פּעטער**

פּאַסט דיר ניט ?

**מאָגערער**

איר וועט זיך שוין שפּעטער אויסטענהען. מען דאַרף זיך נעמען צו דער אַרבעט. וועמען נעמט מען פריער ?

**פּעטער**

אָט דעם, וואָס קען שוין אויף די פיס ניט שטיין.

**קנאַקער**

אָבער אַלע מאָל מוז איך זיין דער ערשטער.

**מאָגערער**

אַ דאגה דיר, לאָז דיינס איבערגיין.

**קנאַקער**

(בעט זיך) מיט רחמנות.

**פּעטער**

איין קלייניקייט, ביי מיר גייט עס גאָרניט אַנדערש. (לייגט אים אַרויף די פּעטליע) גייט עס ! עה — (זיי שלעפּן אים אַרויף און בינדן צו דעם שטריק) איצט קום דו, דו גרויסער טראַכטער.

**טראַכטער**

איך זאָג שוין גאָרניט. עס איז קלאָר, אַז איך בין זיך מקריב פאַר מיין נאַציאָן.

**מאַגערער**

דו הערסט רייד. (זיי בינדן אים און שלעפּן אים אַרויף) גייט עס — עה — איצט די צוויי.

**ריידער**

איך פּראָטעסטיר! עס איז אַ בזיון.

**מאַגערער**

וואָס מאַכסטו פאַר פוילע שטיק. בעסער קום מיט גוטן.

**ריידער**

איך גיי, אָבער אונטער פּראָטעסט! (זיי הענגען אים אויף).

**פּעטער**

איצט קומסטו, באַלעבעסל.

**מאַגערער**

העי, אַ ביסל דרך־ארץ — האָסטו עפּעס צו זאָגן?

**עלטסטער**

גאָרניט מער. (זיי הענגען אים אויך אויף).

**פּעטער**

הערט זשע, חברה. איך וויל אייך זאָגן עטלעכע ווערטער. אָט ער און איך דאַרפן דאָ שטיין און אייך היטן ביז איר ווערט פאַרטיק. איר ווייסט דאָך וואָס איך מיין — כיק. נאָר אַ מענטש איז דאָך ניט מער ווי אַ מענטש. הערט זשע, מיר וועלן זיך צוזעצן דאָ ניט ווייט און נעמען עפּעס אין מויל אַריין. גיט אַכטונג. מער וויל איך ניט ריידן. (ער און דער מאַגערער גייען אַוועק אויף רעכטס).

**באַלדאַך**

(כאַפּט זיך אויף, גענעצט, שטרעקט זיך) אַ, געכאַפּט אַ דרימל אַ ביסל. זע — שכנים (דערקענט זיי) אַזוי גאָר? איבערגעקומען אויף מיין שטייגער?

**אַלע**

(אַ.חוץ דעם עלטסטן) ער איז דאָס שולדיק. ער איז דאָס שולדיק. ער איז דאָס שולדיק. (עס ווערט אַ טומל).

**באַלדאַך**

שאַ. (האַלט זיך צו די אויערן) ניט אַלע מיטאַמאָל. ווי דאָס האָט זיך צערעדט. (דער מאַגערער קומט צוריק מיט אַ פולע מויל שפּייז).



**מאַגערער**

האָסטו געהערט קולות? (זיי שווייגן. ער גייט צוריק אַוועק).

**ריידער**

ער איז דאָס שולדיק. (ווייזט אויפן קנאַקער).

**קנאַקער**

אַז ביי אים פאַרמאַכט זיך ניט דאָס מויל אויף אַ מינוט.

**ריידער**

דו רעדסט נאָך, ער רעדט נאָך. (זיפצט אָפּ) אוי, ווי איז מיר, אויף וואָס איך בין איבערגעקומען.

**קנאַקער**

וואָס פאַר אַ מיוחס ביסטו מער פאַר אַלעמען. האָסטו געהערט אַ מעשה? (עס ווערט שטילער, נאָר דער קנאַקער האַלט אין איין בור־טשען) האָסט געהערט אַ מעשה — אַ מיוחס גאָר. . . . עס שטייט דיר אפשר ניט אָן? . . . נאָ דיר אַ נייעם מיוחס. — פאַני מונדשטיק — וואָס האַלטסטו ניט קיין רעדע? —

**ריידער**

(ברומט אונטער דעם אָנהייב פון אַ לידעלע)

אוי, פינצטער איז מיין דאָליע אָן אַ ברעג —

**קנאַקער**

זינגען גלוסט זיך אים גאָר . . . (ער בורטשעט ווייטער) לידלעך — אַ גאַנצער פּאָעט . . .

**ריידער**

אוי, פינצטער איז מיין דאָליע אָן אַ ברעג,

אַ וויסטער אומגליק, ווי איז מיר, איז פאַרלאָפן מיר דעם וועג.

**קנאַקער**

זע ווי די פּאָעזיע האָט זיך אין אים צולאָזט.

וואָס מאַכסטו אַזאַ טומל? וואָס איז דאָס דיין עסק אַז ער זינגט?

**באַלדאַך**

(דער טומל ווערט אַן אַלגעמיינער: „ניט זינגען! ניט זינגען!" — ביז דער פּעטער תליון קומט אַרויס).

**פּעטער**

שאַ! שטיל זאָל מיר זיין! (עס ווערט שטיל.) זינג, ברודערל, אויב עס טוט דיר וויי, זינג זיך אַראָפּ פון האַרצן.

**ריידער**

(זינגט ווייטער.)

אויף אַלע סטעזשקעס און אַלע וועגן,
סיי געגאַנגען, סיי געלעגן,
אוי פינצטער איז מיין דאָליע אָן אַ ברעג.

אַ מאַמע אַ געטרייע האָב איך געהאַט,
אַליין מיך אויסגעכאָוועט, געמאַכט פון מיר אַ לייט.

**פעטער**

(שפּאַרט זיך אונטער די רעכטע באַק מיט דער דלאָניע, פאַרמאַכט די אויגן און חזרט איבער מיט גרויס התפעלות:)

אַליין מיך אויסגעכאָוועט און געמאַכט פון מיר אַ לייט.

**ריידער**

אויסגעזויגן און אויסגעכאָוועט
אָנגעזאָטלט און אָנגעקאָוועט,
אַ מאַמע אַ געטרייע האָב איך געהאַט.

**פעטער תליון**

(חזרט איבער. פונדאַנען אָן ביז צום סוף פון ליד, חזרט ער כסדר אי־בער די צווייטע שורה. עס קומען אַ **גרופּע קינדער** און בלייבן שטיין צוצוהערן זיך צום געזאַנג. זיי פאַרמירן זיך אין גרופּקעס פון פיר און טאַנצן אויס דאָס ליד.)

**ריידער**

ווען מיין מאַמע וואָלט מיין בראָך אָט דאָ געזען,
געיאָמערט וואָלט זי, ווי איז מיר, מיט ביטערן געוויין.
אויסגעקלאָגט און אויסגעבעטן
נישט פאַר שטריק און נישט פאַר קייטן,
ווען מיין מאַמע וואָלט מיין בראָך אָט דאָ געזען.

ווי גוט בין איך צום ווייבל אויך געווען.
געגעבן איר פון אַלעם גוטן, וואָס רייך איז און וואָס אָרעם,
אַ קאָרעטע אויף שפּאַצירן
סיי פון מיינעם סיי פון אירן,
ווי גוט בין איך צום ווייבל אויך געווען.



די קינדער האָב איך אויך פאַדאָוועט אַלץ,
אַלע שמדן נאָכגעגעבן, צעריסן זיי דעם האַלדז.
פרעמדס סיי אייגנס פאַרגעניגן,
וואָס איך האָב געקענט נאָר קריגן,
קינדער האָב איך אויך פאַדאָוועט אַלץ.

חברים שלעכטע האָבן מיך גענאַרט,
געשוואָרן אייביק פריינטשאַפט מיר און אויף מיין סוף געוואַרט,
כסדר ביי מיין טיש געזעסן,
אָנגעזשליאָקעט, אָנגעפרעסן,
חברים שלעכטע האָבן מיך גענאַרט.

געמיינט האָב איך עס האָט מיר אָפּגעגליקט,
גאָלדענע געשעפטן, נעבעך, האָבן מיך דערשטיקט.
מזל וברכה, גרויסע גליקן,
סיי צום וואָרגן, סיי צום שטיקן,
געמיינט האָב איך עס האָט מיר אָפּגעגליקט.

און וואָס וועט זיין מיין סוף דאָ, ווייס איך ניט.
געבליבן הענגען אויף אַ ווענדטקע בין איך אין דער מיט.
נישט געזעסן, נישט געגאַנגען,
אויפגעצויגן, אויפגעהאַנגען,
וואָס וועט זיין מיין סוף דאָ ווייס איך ניט.

**כאַלדראַך**

אַ פלאַגיאַטאָר ביז צום סוף.

**פעטער**

שטיל זאָל מיר זיין! האָסט ביי אים אַ טענה.

**קנאַקער**

(זינגט)

צי איז ניט אַ רחמנות, זאָגט אַליין,
—איך פרעג ביי איך, איר גוטע מענטשן —
אויף מיר און מיין געביין?
אַ יונגער בוים קען יאָרן האָבן
אויסגעהאַקט און טיף באַגראָבן,
צי איז ניט אַ רחמנות, זאָגט אַליין.

**פעטער**

חברה, מען גייט. (עס קומען די קלעזמער שפּילנדיק דאָס „פריילעכס״ פון ערשטן אַקט און אַ מאָסע טענצער וואָס האָפּקען זיך.)

**אַ טענצער**

אָט גייט דאָרט אונדזער חלפתא! (די לאָזן זיך נאָך אים און ברענגען אים אַריין טאַנצנדיק. חלפתא טאַנצט אויך).

**באַלדראַך**

אָט איר זעט, חברה? אויף דעם זייט איר איבערגעקומען.

**פעטער**

שווייגט דאָרט, איר געהאַנגענע, דרך־ארץ פאַר אַ יעדנעראַל!

**חלפתא**

וואָס טוט זיך דאָ?

**פעטער**

עס איז אַן אומגליק מיט די געהאַנגענע, פאַני יעדנעראַל. זיי דאַרפן דאָס שטאַרבן און ניט פון אָרט.

**חלפתא**

וואָס פאַרשטייסטו ניט? זיי זיינען דאָך טייטשן. (שטעלט זיך אַוועק אין פּאָזיציע) געהאַנגענע, האַפּטאַך? (אַלע געהאַנגענע ווערן שטייף און שווייגן.) גיי, גיב אַ קוק צי זיי הענגען גלייך.

**פעטער**

(מעסט זיי אָפּ פון אַ זייט) אַלע גלייך, הער יעדנעראַל.

**חלפתא**

(קאָמאַנדירט) געהאַנגענע — שטאַרבט! (די געהאַנגענע פאַרוואַרפן מיט די קעפּ און שטאַרבן) קלעזמער שפּילט אַ זמרל. (זיי נעמען שפּילן דאָס לידל נאָכאַמאָל) ניט דאָס, עפּעס אַנדערש. (די קלעזמער נעמען שפּילן דעם „תפילה־טאַנץ״. דער כאָר פון פאָלק זינגט מיט און פאַרמירן זיך אין אַ קייט, געפירט פון חלפתאן. עס איז לאַנגזאַמער טאַנץ, וואָס ציט זיך אין אַ קייט אַריבער דער בינע און אַרויס, פון רעכטס נאָך לינקס. אַ טייל פון כאָר איז פאַרטיילט צווישן פּובליקום און זינגט מיט, די קייט טאַנצט אַרויס פון רעכטס און גייט אַרונטער אין פּובליקום אַריין. די כאָריסטן וואָס זיינען פאַרטיילט אין פּובליקום



שליסן זיך אָן צו דער קייט וואָס ציט זיך פון לינקן דורכגאַנג הינטן אַרום צום רעכטן דורכגאַנג און אַרויף צוריק אויף דער בינע. נאָר די קלעזמער בלייבן אויף דער בינע און שפּילן).

**דאָס טאַנץ־ליד**

**אבינו מלכנו בטל מעלינו כל גזירות קשות!**<br>
**אבינו מלכנו בטל מחשבות שונאינו**<br>
**אבינו מלכנו הפר עצת אויבינו**<br>
**אבינו מלכנו כלה כל צר ומשטין מעלינו!**

(דער כאָר האָט זיך פאַרצויגן אין הינטערגרונט. מען הערט דעם געזאַנג נאָר אין פּיאַנאָ.)

**חלפתא**

(צום פּובליקום) איצט, יידן, אַ גוטן פּורים אייך אַלעמען. יינגל! יינגל! (לאָזט זיך אַוועקגיין, קערט זיך אום, איז אין פאַרלעגנהייט) איך ווייס, יידישע קינדער, עס פאַרדריסט אייך וואָס איך בין בלינד געוואָרן. האָט זשע ניט קיין עגמת נפש. דאָס בין איך נאָר בלינד אויף קאַטאָוועסן. אַזוי גיך ווי דער שפּיל לאָזט זיך אויס, ווער איך צוריק זעענדיק. (לאָזט זיך גיין, קומט ווידער צוריק) יאָ, דאָס איז אַ סוד. מאָזעס איז טאַקע אויך ניט געשטאָרבן. ער איז גאָט צו דאַנקען געזונט, און מיר וועלן אינגיכן האָבן אַ קנס מאָל. און אַפילו דאָס מיידל איז אַ גאַנץ וואוילע יידישע טאָכטער. דערווייל האָט מיר אַ גוטן תמיד, איר און אַלע יידן, אָמן. און לאָמיר מאַכן פון אַן אַלט לידעלע אַ נייס:

נעמט אַלע המנס און וואַרפט זיי אַרויס,<br>
פּורים ביי יידן לאָזט זיך קיינמאָל ניט אויס.

(ער בלייבט שטיין מיט אַ שמייכל אויפן בלינדן פּנים).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

ביים סוף פון האַנט־געשריבענעם מאַנוסקריפּט, נאָך דעם לעצטן איבערשרייבן, געפינען איך אָט די נאָטיץ: „דעם 13טן סעפּטעמבער 1935, פּונקט אַ יאָר נאָכדעם ווי איך בין אַוועק אין שפּיטאָל אַ שווער־קראַנקער. דאַנקען גאָט דערפאַר.” און עס איז אמת. דאַנקען גאָט פאַר דעם יאָר אַנדערטהאַלבן פון קרענק, אויב ניט וואָלט דאָס ביכל ניט געשריבן געוואָרן. אפשר ניט קיין גרויסער שאָדן, אָבער אַ נפשל איז עס. און געלעגן וואָלט עס אין הינערפּלעט פון גוטן ווילן און אַ פאַרהאַוונטן שווער שטיקל פּרנסה. ווייל אין אמתן איז דער קערן־געדאַנק פאַר דער אַרבעט געבוירן געוואָרן אין אַן אָוונט אין שפּעט־האַרבסט פון 1932.

אין יענע יאָרן, ווען פאַשיזם איז נאָך געווען אַ מין פּאָליטישער צירקוס, פון וואָס ליבעראַלן האָבן געשפּאָט און רעאַקציאָנערן האָבן זיך פאַרכלינעט, ווען מוסאָליני און היטלער האָבן געשטשירעט מיט די ציין אַריבער די אַלפּן־בערג, און אין לאָנדאָן און וואַשינגטאָן האָט מען געוואָרט יעדן טאָג אויף דעם קראַך אין רוסלאַנד, און פּאָליטיקער פון ביידע זייטן ים האָבן זיך געדראַפּעט אויף די גלייכע ווענט צו מלמד זכות זיין אויף דייטשלאַנד, — איז מיר אין יענעם אָוונט מיט אַמאָל קלאָר געוואָרן, ווי אַזוי די פּאָליטישע פאָרמאַציע פון דער וועלט וועט זיך לסוף אויסקאָכן. געוואָלט האָט זיך מיר שרייבן אַ מין בוך מיט פּאָליטישער נבואה־זאָגעריי, וואָס זאָל וואָרענען די וועלט פאַר אַ קאַטאַסטראָפע, כאָטש ביי זיך בין איך געווען זיכער, אַז דער קראַך מוז קומען סיי ווי. עס האָט מיך נאָר פאַרדראָסן די גלייכגילטיקייט פון אַ וועלט מיט מענטשן. ווען איך האָב גערעדט מיט נאָענטע וועגן דעם, האָט מען מיך אָנגעקוקט און געשוויגן, ווי ווען איך וואָלט ניט געווען מיט אַלעמען. האָב איך דערפאַר באַשלאָסן דאָס אַריינצולייגן אין אַ דראַמע.

אין דער זעלביקער צייט האָט זיך מיר געוואָלט נעמען נקמה אָן די מחבלים אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן בושעווען. איז

מיר געקומען דער געדאַנק פון אַ גראָטעסקן מאָדערניזירטן פורים־שפיל אויף אַ ברייטער קאַנווע. דעם ווינטער פון צוויי און דרייסיק האָב איך אָנגעהויבן שרייבן די לידער פאַר דעם שפיל. אין האַרבסט פון פיר און דרייסיקסטן יאָר, ווען איך בין קראַנק געוואָרן, איז די דראַמע געווען אין גאַנצן אַ געפלאַנטע און צום טייל געשריבענע. ווי זי איז דעמאָלט געפלאַנט געוואָרן, אַזוי איז זי פאַרענדיקט געוואָרן, און אַזוי איז זי געגאַנגען צום דרוקער. אין דער אַרבעט האָט מיך לסוף דער יידישער פאָלקלאָר מער פאַרכאַפט ווי די פאָליטיק, און די פאָליטיק איז בלויז פאַרבליבן אין איין סצענע, אין ערשטן אַקט, ווען דער „עלטסטער" באַראָט זיך מיט זיינע „אַדיוטאַנטן". אָט די סצענע איז געשריבן גענוי לויט דער נאָטיץ פון יענער נאַכט אין האַרבסט פון צוויי און דרייסיקסטן יאָר.

איצט, דער פאָלקלאָר. אַ געוויסע צאָל פאָלקסלידער, וואָס זיינען אויפגעכאַפט געוואָרן פון קאָנצערטיסטן און זאַמלער, האָבן ביי אונדז דערגרייכט ליטעראַרישן סטאַטוס. זייער פינפט־קלאַסיקע ליטעראַרישקייט באַרעכטיקט זיי דערצו, אָבער זייער סטאַטוס ווי פאָלקסלידער איז זייער אַ ניט זיכערער, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס עס פילט זיך אין זיי אַזוי שטאַרק דער פרעמדער איינפלוס, רוסישער און צום טייל אויך דייטשישער. אפילו ווען דער אינהאַלט איז עכט־יידישלעך, איז אָפט די פאָרם אַ צו ראַפינירטע לויט דער פשטות פון דעם אמת היימישן יידישן ליד. די פשוטע היימישע פאָלקסלידער זיינען אפשר ניט גענוג ליטעראַריש אין פאָרם און גראָבמגושמדיק אין אינהאַלט, אָבער נישט־אינטעליגענטקייט ברענגט זיי נענטער צו מיין אייגענעם געשמאַק.

פאַר מיינע מוסטערן אין שרייבן די לידער אין בוך האָב איך אויסגעקליבן אָט די לידער, וואָס איך האָב געהערט אומגעפער פון מערבגאַליציע ביז טיף אין רומעניע. דאָס נעמט אַריין דעם גאַנצן יידישן שפראַךתחום, וואָס שליסט אויך איין אומדירעקט גאַנץ אוקראַינע און בעסאַראַביע. דער וואָס איז באַקאַנט מיט די פאָלקסלידער אין יענע געגנטן, וועט די מוסטערן גלייך דערקענען. איך האָב אויך איינגעשלאָסן דעם ראָמאַנס, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון פאָלקסליד, כאָטש דער ראָמאַנס האָט שוין געוויינלעך אַן אויטאָר, ווערט ער אָבער אין גיכן פאַרגעסן, און זיין פראָדוקט גייט דורך אַלערליי מעטאַמאָרפאָזעס. אָבער נאָכמער ווייזט זיך דער חילוק אַרויס אין די מעלאָדיעס, אָנהייבנדיק מיט דער פרומער און אָרעמער



אוממעלאָדישקייט פון די וועסט־גאַליציאַנער לידער ביז צו דער רייכער כמעט סעקסועלער מוזיקאַלישקייט פון די דרום־רוסישע און בעסאַראַבישע מעלאָדיעס.

און זוכנדיק יידישן סטיל, בין איך געקומען צום יידישן טעאַטער. יאָ, עס איז פאַראַן אַ יידישער טעאַטער־סטיל. און איך מיין ניט גאָלדפאַדן, פון וועמען נאָר די לידער זיינען דערגאַנגען צום פאָלק, צוליב דער רעליגיעזער מעלאָדישקייט פון דער מוזיק. גאָלדפאַדן־טעאַטער איז געווען השכלה. אַ מין קלאָץ־בוידעמדיקער שעקספיר איינגעטונקט אין „מאָלאָרוסישן" טעאַטער־פאַרן־פאָלק. יידישער טעאַטער־סטיל איז ערשט געבוירן געוואָרן ווען די עם־הארצים, די סופליאָרן האָבן אָנגעהויבן צו שרייבן זייערע „לעבנס־בילדער". זייערע „פיעסן" זיינען באַגייסטערט, אָדער כאָטש דיקטירט פון דעם זעלביקן דראַנג נאָך געזאַנג, פון דער זעלביקער טעמאַטיק און דעם זעלביקן אופן פון אויסדרוק ווי דאָס פאָלקסליד. „חנהלע די נייטאָרין" איז אמת יידישע פאָלקס־באַלאַדע; „דודס פידעלע" איז יידישע ראָמאַנטיק אין פאָלקס־סטיל. אָט דער סטיל האָט ביי אונדז לעגיטימיזירט שפּראַך־פאָרמאַציעס און רייד־פאָרמען, וואָס זיינען אַזוי כשר און ריין, ווי די אויסגעפוצטע ליטעראַרישע שפראַך. אָט די שפראַך איז היינט שוין כמעט פאַרשוואונדן, זייט אונדזער טעאַטער האָט זיך גענומען אָריענטירן אויף בראָדוויי, אַך און וויי. אָט דעם סטיל פון פאָלקס־לשון, וואָס דאָס טעאַטער האָט פאַרשאַרפט אין דער ריכטיקער פראָפּאָרציע צווישן טעאַטער און אַקטואַליטעט, איז יידישער פאָלקס־סטיל. דאָס יידישע דועטל מיט זיין כשרן טענצל געפינט זיך נישט אין קיין שום טעאַטער אין אָט אַזאַ פאָרם. איך האָב אָט דעם סטיל אויך אַריינגענומען.

ווען איך רייד שוין וועגן סטיל, וויל איך דאָ אויך דערמאָנען סטיל אין קאָנסטרוקציע פון דער דראַמע ווי אַ בנין. און דאָ פיל איך, דאַרף די דראַמע שטיין ניט נידעריקער פון די איבעריקע קונסטן אין אַ מאָדערנער וועלט. איך וויל בלויז דערמאָנען פון וואָס איך האָב זיך אָפגעזאָגט צוליב פרייער באַוועגונג אין פאָרם, שטימונג און קאָליר.

איך זאָג זיך אָפ פון געטריישאַפט צום לעבן" ווי אַ מוז, כאָטש איך באַנוץ זיך דערמיט צוליב גרעסערער באַוועגלעכקייט און פאָרם. אָבער נאָר צו מאָל. איך זאָג זיך אָפ פון שקלאַפעריי צו „אילוזיע". מיינע לייענערס

און איך זײַנען שוין צו אַלט פאַר די קינדער־שפּילערייען, אָבער ניט צו אַלט צו וויסן אַז די קונסטן, און טעאַטער בתוכם, איז שפּיל, שפּיל פון פאָרם, פון פאַרב, שפּיל פון שטימונג און אומבייט צוליב קאָנטראַסט און יוקסטאַ־פּאָזיציע.

איך זאָג זיך דערפאַר אָפּ פון דער נאַאיוויטעט פון „אויסגעהאַלטנקייט". עס איז אמת, אַז די אַלע „פרייהייטן" מאַכן די קונסט זייער קאָמפּליצירט, בפרט אין אַ דראַמע ווי אין דער דאָזיקער. אָבער ווי געטע האָט שוין, געזאָגט, עס מאַכט ניט אויס ווי שווער די אַרבעט איז, נאָר די שווערקייט זאָל זיך ניט אָנזען אין דעם פאַרטיקן פּראָדוקט. איך האָב זיך באַמיט אַרײַנצוגיסן די אַלע „ראַפינאַציעס" אין די פּשוטסטע פאָרמען, אַז אפילו דער הומאָר פון די מיטלאַלטערלעכע תליונים זאָל זײַן פּראָסט און יידישלעך. איך האָף אַז עס איז מיר געלונגען.

ה. ד.



## ביכער פון ה. דרימער וואָס ווערן צוגעגרייט צום דרוק:

**אין בוך דערציילונגען:**

„די האַנט", איינאַקטער, 1912
„איבער אַלע בערג", דריי אַקטן, 1920
„מדבר", 1922
„כל ישראל — אַלע יידן", דריי אַקטן, 1935

**אין בוך עסייען:**

„מאָדערנע קונסט און דער יידישער געדאַנק" און אַנדערע עסייען

**אין בוך דראַמעס:**

„דער גילגול פון אַ ייד אַ פּראָסטן" און אַנדערע דערציילונגען.

און איך זיינען שוין צו אַלט פאַר די קינדער־שפּילערייען, אָבער ניט צו אַלט צו וויסן אַז די קונסטן, און טעאַטער בתוכם, איז שפּיל, שפּיל פון פאָרם, פון פאַרב, שפּיל פון שטימונג און אומבייט צוליב קאָנטראַסט און יוקסטאַ־פּאָזיציע.

איך זאָג זיך דערפאַר אָפּ פון דער נאַאיווויטעט פון „אויסגעהאַלטנקייט". עס איז אמת, אַז די אַלע „פרייהייטן" מאַכן די קונסט זייער קאָמפּליצירט, בפרט אין אַ דראַמע ווי אין דער דאָזיקער. אָבער ווי געטע האָט שוין געזאָגט, עס מאַכט ניט אויס ווי שווער די אַרבעט איז, נאָר די שווערקייט זאָל זיך ניט אָנזען אין דעם פאַרטיקן פּראָדוקט. איך האָב זיך באַמיט אַריינצוגיסן די אַלע „ראַפינאַציעס" אין די פּשוטסטע פאָרמען, אַז אפילו דער הומאָר פון די מיטלאַלטערלעכע תליונים זאָל זיין פּראָסט און יידישלעך. איך האָף אַז עס איז מיר געלונגען.

ה. ד.



# ביכער פון ה. דרימער וואָס ווערן צוגעגרייט צום דרוק:

**איין בוך דערציילונגען:**

„די האַנט", איינאַקטער, 1912
„איבער אַלע בערג", דריי אַקטן, 1920
„מדבר", 1922
„כל ישראל — אַלע יידן", דריי אַקטן, 1935

**איין בוך עסייען:**

„מאָדערנע קונסט און דער יידישער געדאַנק" און אַנדערע עסייען

**איין בוך דראַמעס:**

„דער גילגול פון אַ ייד אַ פּראָסטן" און אַנדערע דערציילונגען.

